געדרוקט אין 1500 עקז.

וואַרשע 1923, דרוק. „די וועלט.

געזעצט ביי ברוק און ביר.

H. Leiwik — In Keinems land

Wyd. „Kultur - Lige“ Warszawa 1923

Druk. „Di Welt“ Nowolipie 7

# אינהאַלט:


| | |
|---|---|
| אין קיינעמס לאַנד | 7 |
| אַן אָפּקלאַנג פון דיין פרייד | 9 |
| אַ שניירל בלוט | 10 |
| די קראַנקע פייגל | 11 |
| נישטאָ קיין באַהעלטעניש | 13 |
| וואו דו וועגרסט זיך | 15 |
| שאַרפע קלאַמערן | 16 |
| די זינד | 17 |
| באַלאַדע | 18 |
| די זון פאַרגייט | 20 |
| קלינגט אין די גלאָקן פון אויפשטאַנד | 21 |
| צוויי קעפ | 23 |
| דיינע זינגענדיקע ווערטער | 24 |
| שויבן אַנטקעגן שויבן | 25 |
| אַלע מיר זענען פאַרלוירן | 27 |
| לעבעדיק ביסטו און טויט | 28 |
| שטייט מיין אויסלייזער | 29 |
| מיט אַ חאַלבן אין שפּיציקן פּנים | 30 |
| אַז די הויכע מויערן | 31 |
| ווער | 33 |
| פאַרלאָז מיך, פאַרגעס | 34 |
| דער געל-ווייסער שיין | 35 |
| אָוונט | 37 |
| דער געוויקסיקער טאַטע | 38 |
| דער אַנטרונענער | 40 |
| פאַר ווענען | 41 |
| אין דער וואַכעדיקער שעה | 42 |
| שאַרפע וויטיקן | 44 |
| דער סימולאַנט | 45 |
| וואָס וועט זיין | 47 |

| | |
|---|---|
| דאָרט וואו איך בין נאָך נישטאָ | 48 |
| אונטער די טריט פון מיינע פיס | 50 |
| גרייט אַן העק | 52 |
| דער טויטער שומר | 53 |
| הענט אין דער לופטן | 54 |
| צלמים | 55 |
| דרעמלענדער יינגעלע | 56 |
| די האַנט פון גאָט | 58 |
| בלינדע טומאַנען | 59 |
| דאָס געוויין פון אַלע הייזער | 60 |
| טויערן פון הימלען | 63 |
| דער מצורע | 64 |
| דורכן שיין פון ערינערונג | 66 |
| איבער די שלאָפנדיקע אויגן | 68 |
| נישט געזעטיקטע תאוות | 70 |
| ליד | 71 |
| די אויגן צעעפנטע | 72 |
| אַ שפּאַן | 73 |
| הינטער אַלע פענצטער | 74 |
| ליד | 75 |
| בונט און פאַראַט | 76 |
| דאָס טורעמדיקע לעבן | 78 |
| מיד | 81 |
| פערזן | 83 |
| דאָ איז אונזער הויז | 92 |
| ליכטיקע לאָמפּן | 94 |

פּאָעמען:

| | |
|---|---|
| ער | 99 |
| דאָס קראַנקע צימער | 109 |
| דער וואָלף | 121 |
| די שטאָל | 151 |

# אין קײנעמס לאַנד

פון דעם גאַסיקן געשרײ
קום מיט מיר אין קײנעמס לאַנד,
װײט פאַר אײנעם, נאָנט פאַר צװײ
איז דער װעג צו קײנעמס לאַנד.

פון דײַן אומעטיקן הױז
שטרעקסטו אױס צו מיר דײַן האַנט,
אַזאַ װאָרט איך זאָג אַרױס,
אַזאַ װאָרט פון קײנעמס לאַנד.

װי אַן אױגנבליק פאַרגײט
נעמען שװינדן נאָכאַנאַנד
הײַזער, גאַסן... לער און ברײט
שפּרײט פאַר אונדז זיך קײנעמס לאַנד.

מיר, געקומענע נאָך פרײד,
אין פאַרלאָרענעם פאַרשטאַנד,
גײען מיר צו אַלץ געגרײט
טראָט נאָך טראָט אין קײנעמס לאַנד.

ביז עס קומט די גוטע שעה
פירט אונדז צו צום לעצטן ראַנד...
קײן צוריקקער איז נישטאָ
אױף דער גרױס פון קײנעמס לאַנד...

צװישן מענטשן זענען מיר
גלײַך װי אַלע פרעמד-באַקאַנט,
יעדער װאָרט און יעדער ריר
גאָר נישט װי אין קײנעמס לאַנד.

יעדער האָט פאַר זיך אַ הויז,
יעדער האָט פאַר זיך אַ וואַנט,
לעבן מיר טאָג=איין טאָג-אויס
גאָרנישט ווי אין קיינעמס לאַנד.

קיינער ווייס נישט, אַז שוין לאַנג
שלאָפן מיר פאַרוויגט באַנאַנד,
זינגענדיק דעם טויט=געזאַנג
אויף דער גרויס פון קיינעמס לאַנד...

## אַן אָפּקלאַנג פֿון דיין פֿרייד

מיט דעם הויך פֿון דיינע נישט דערזאָגטע ווערטער
האָסטו אויפֿגעוועקט די זעל פֿון מיינע רייד;
נישט איך בין און קאָן נישט זיין שוין קיינמאָל דיין באַשערטער,
איך בין נאָר דער אָפּקלאַנג פֿון דיין פֿרייד.

איך בין צופֿעליק אין הויז צו דיר געקומען,
און וועל צופֿעליק פֿון דיר אַוועק;
פֿון געהיימעניש האָב איך אַ קול פֿאַרנומען:
— גיי אַהין, וואוהין דו דאַרפֿסט אַוועק.

גיי איך און איך טו קיין זאַך נישט פֿרעגן,
טראָג מיט זיך דעם אָנריר פֿון דיין האַנט,
מיט אַ רואיקן געמיט איך גיי אַנטקעגן
יעדן וועג, וואָס פֿירט צו קיינעמס לאַנד...

# אַ שניירל בלוט

שעהן פאַרגייען אין וואַכזאַמקייט,
וואַכזאַמקייט בין איך אַליין;
זיך איך און וואַרט מיט אַנטשלאָסנהייט,
גרייט זיך אַ מאָרד צו באַגיין.

נישט מיט קיין מעסער צווייִשאַרפיקן,
אויך נישט מיט גיפט, מיט קיין קויל:
זילבן אַ פּאָר נאָר צעריסענע
פון אַ פאַרגליווערטן מויל...

ליגט ער דער קאָפּ דער פאַרמשפּטער,
חלומט אין רואיקן שלאָף,
זעט נישט ווי שנעל עס דערנענטערט זיך
זיין נישט ערוואַרטעטער סוף.

וואָס איז די שולד פונם פאַרמשפּטן?
גאָרנישט. קיין שולד איז נישטאָ.
יאָרן נאָך יאָרן פאַרגאַנגענע
ברענגען די פינסטערע שעה.

האָט ווער די ליפּן מיר אָפּגעבערענט?
האָב איך פאַרלאָרן מיין מוט?
גאָרנישט. מיין מויל דער פאַרגליווערטער
האָט קוים דערהיט די מינוט...

אויף דעם געזיכט פונם פאַרמשפּטן
ליבשאַפט פאַרגעבנדע רוט.
דין פון דעם האַרץ דעם ערמאָרדעטן
ציט זיך אַ שניירל פון בלוט...

# די קראַנקע פייגל

וועק נישט אויף די קראַנקע פייגל,
האַלט דעם אָטעם איין,
זע, זיי ליגן איינגעדרייט אין זיך אַליין,
די שאַרפע שנאָבלען ביז די צוג־מאַכטע אויגן
אַריינגעגראָבן
אין די פעדערן די אויפגעשויבערטע...
וואָס דערמאָנען אונז די קראַנקע פייגל,
די שנאָבלען זייערע,
די פעדערן די אויפגעשויבערטע?...

זיי דערמאָנען אונז,
אַז איך און דו,
איך און דו,
דערנענטערטע,
געגאַרטע,
געוואַגטע
זיצן מיט פאַרשטיינערונג אין בליק,
געליימטע,
פאַרשעמטע,
און קיינער קומט נישט אונזער בליק פאַרשטעלן,
אונזער קאָפּ אַראָפּבויגן,
פאַרוויגן
ווי זיי — די קראַנקע פייגל,
וואָס ליגן איינגעגראָבן ביז די צוגעמאַכטע אויגן
אין די פעדערן די אויפגעשויבערטע...

ווער צו אונז זאָל קומען?
ווער וועט אונז דערהערן?
אַז די טירן האָבן מיר פאַרשלאָסן,
אַז די פענסטער האָבן מיר פאַרהאַנגען,

אַז די ווערטער אונזערע,
ווי נאָר זיי נידערן אַראָפּ פון צונג,
בלייבן הענגען איבער אונזער קאָפּ
אַ רגע, צוויי, און — זע:
זיי גיבן צו דער ערד אַ פאַל אַראָפּ
מיט שאַרפע שנאָבלען ביז די צוגעמאַכטע אויגן
אַריינגעגראָבן
אין די פעדערן די אויפגעשויבערטע...

וועק זיי נישט.
ווער האָט זיי צו אונז
און אונז צו זיי געבראַכט?
האָבן דיינע אויגן אָדער מיינע אַזאַ צויבער,
האָבן דיינע ווערטער אָדער מיינע אַזאַ קלאַנג?
קיינער, דאכט זיך, איז נישט נאָכגעגאַנגען מיינע טריט,
נישט נאָכגעגאַנגען און נישט נאָכגעפלויגן;
איך אַליין, ווען איך בין צו דיין הויז געגאַנגען,
האָב נישט געהערט דעם שאָרך פון מיינע טריט.
שוין שטייענדיק ביי דיר אין הויז
און שפּירנדיק דעם אָנריר פון דיין האַנט,
דעם ציטער פון דיין קלייד,
שוין קוקנדיק אין שפּיגל אויף מיין קאָפּ
און טראַכטנדיק: צי איך געפעל דיר —
בין איך נאָך אַלץ געווען דער נ י ש ט ג ע ק ו מ ע נ ע ר,
דער נישט געקומענער און נישט דערקענטער —
פונוואַנען האָבן זיך דערוואוסט די קראַנקע פייגל
צו קומען אויסזעצן זיך אין אַלע ווינקלען,
אויף אַלע פענסטער,
די שאַרפע שנאָבלען ביז די צוגעמאַכטע אויגן
אַריינגעגראָבן
אין די פעדערן די אויפגעשויבערטע?

## נישטאָ קיין באַהעלטעניש

נישטאָ קיין באַהעלטעניש.
נישטאָ נאָך דאָס וואָרט, וואָס פירט צו באַהעלטעניש צוריק...
אַנטקעגן דער זון — מיט אַן אָפּענעם קאָפּ,
אַנטקעגן דעם ווינט — מיט אַ נאַקעטן לייב.
ער שלינגט מיט די אויגן דעם מזרח און מערב,
און לעקט מיט דער צונג זיין פאַרטריקנטע ליפּ...
דער באַהאַלטענער, — אַז וויי צו אים, —
ער האָט זיין באַהעלטעניש פאַרלאָזן...

שטייט ער און רייסט פון די לונגען
די לעצטע געשרייען,
און קאָן אַלץ דאָס לעצטע געשריי
נישט אַרויסשרייען...
בלוטיקע וואונדן ווערן פאַרצויגן מיט הויט,
פינסטערע אויגן ווערן פאַרזונקען אין ליכטיקייט,—
אַזוי ווערן אויך זיינע וואונדן פאַרצויגן מיט הויט
און זיינע פאַרלאָשענע אויגן פאַרגייען אין ליכטיקייט;
נאָר זיינע געשרייען, וואָס רייסן פאַנאַנדער די לונגען,
זיי קאָנען דאָס לעצטע געשריי
נישט אַרויסשרייען...
דער שווייגנדיקער, — אַז וויי צו אים, —
ער האָט זיין שווייגנדיקייט פאַרלוירן...

אָפן איז פאַר אים די גאַנצע וועלט,
און אַלע וועגן נאַקעט, אַזוי ווי זיין נאַקעטער לייב;
דער, וואָס האָט אַראָפּגעריסן פון אים זיינע קליידער,
איז לאַנג שוין נישטאָ, נישטאָ...
דער, וואָס האָט אַריינגעשטאָכן אין אים דעם לעצטן מעסער,

איז לאַנג שוין נישטאָ, נישטאָ...
דער, וואָס האָט אַרויסגעפירט די פלאַמיקע זון איבער אים,
איז לאַנג שוין נישטאָ, נישטאָ...
נאָר ער אַליין קאָן נישט זאָגן אויף זיך דאָס וואָרט:
„נישטאָ, נישטאָ"...
ער האָט נאָך אַלץ פון זיינע לונגען נישט אַרויסגעשריען
זיין לעצטן אויסגעשריי...
דער פאַרשאָלטענער — אַז וויי צו אים, —
נישטאָ נאָך דאָס וואָרט, וואָס פירט צו באהעלטעניש צוריק...

# וואו דו וועגדסט זיך

וואו דו וועגדסט זיך
גיי איך מיט, —
זעסט מיך יאָ,
צי זעסט מיך נישט.

איך ברענג טרויער
דיין געמיט, —
זעסט מיך יאָ,
צי זעסט מיך נישט.

איך באַשיץ דיך
און באַהיט, —
זעסט מיך יאָ,
צי זעסט מיך נישט.

היט דיין וועג
פאַר מיינע טריט, —
זעסט מיך יאָ,
צי זעסט מיך נישט...

# שאַרפֿע קלאַמערן

שאַרפֿע קלאַמערן
די פֿינגער דיינע,
ווערן זיי פֿאַרבראָכן,
ווערן אָנגעצונדן,
וואַרפֿן זיך
און ברעכן אויס אין אַ געוויין.

ווײנענדיקע
לאָזן זיי זיך פֿלוצלינג אין אַ טאַנץ.
פֿריער איינציקוויַיז,
און נאָכדעם אַלע מיט אַמאָל.
טאַנצנדיקע
ווערן זיי אַלץ בלייך און בלייכער,
דין און אויסגעצויגן,
ביז זיי בלייבן ליגן אָטעמלאָז...

זיצן מיר און קוקן ביידע
אויף דעם לעצטן אָדערל, וואָס צאַפּלט נאָך,
ביז אויך ער
בלייבט ליגן
אָטעמלאָז...

## די זינד

דאָס גאַנצע שלעכטס, וואָס ליגט אין מיר פאַרדעקט,
נאַקעט האָב איך עס פאַר דיר אַנטפּלעקט.

האָט עס מיט אַ שאַרפן פליגל־קאָפּ
פלאַטערן גענומען אויף און אָפּ.

אויפגעדרייט זיך פּלוצלינג אין אַ קנויל,
גלאָז — די אויגן און געוויין — דאָס מויל.

אויפגעכאַפּט זיך ווידער אומגעריכט,
צוגעפאַלן ווי אַ שלאַנג צו דיין געזיכט.

האָסטו עס מיט דיינע גוטע הענט
אָן געשריי און אָן פאַרצווייפלונג אָפּגעווענדט.

מיט דערבאַרעמונג און ליבשאַפט איינגעשפּילט,
איינגעשטילט און איינגעוויגט און איינגעהילט.

ווי אַן איינגעוויגטעס קינד, ווי דיינס אַ קינד,
אויסגעלייטערט אין מיין האַרצן שלאָפט די זינד...

## באַלאַדע

די פינסטערניש שפּאַלט זיך פאַנאַנדער,
עס עפנט אַ קבר זיך אויף,
עס הויבט זיך אַרויס פונם קבר
איינאיינציקער גלידלאָזער גוף.

דורך טיפע געגראָבענע הייל'ן
נעמט דרייען זיך, שאַרן דער גוף,
דורך וועלדער פון איין בוים צום צווייטן
ער וויגט זיך אַראָפּ און אַרויף.

ביז וואַנען ער קומט צום אוקינוס —
ער וואַרפט זיך אין וואַסער צום דעק;
נאָר גלייך שפּייט אים אויס דער אוקינוס
צוריק אויפן זאמדיקן ברעג...

די פינסטערניש שפּאַלט זיך פאַנאַנדער,
עס עפנט אַ קבר זיך אויף,
עס הויבט זיך אַרויס פונם קבר
דער קאָפּ פונם איינציקן גוף.

דורך פולווער צעאַקערטע פעלדער,
דורך שטעט אָן קיין שפּור פון אַ הויז,
דער קאָפּ ווי אַ קנויל נעמט זיך קייקלען
אַלץ ווייטער און ווייטער פאָרויס.

ביז וואַנען ער קומט צום אוקינוס
און וואַרפט זיך אין וואַסער צום דעק,
אויך אים שפּייט אַרויס דער אוקינוס
צוריק אויפן זאַמדיקן ברעג...

די פינסטערניש שפּאַלט זיך פאַנאַנדער,
עס עפנט אַ קבר זיך אויף,
עס שטייגן אַרויס פונם קבר
די הענט און די פיס פונם גוף.

דורך וועגן מיט דראָטן פאַרשפּינטע,
דורך שטיינער און אייזיקן שניי,
מיט פינגער פאַנאַנדערגעשפּרייטע
זיי קריכן און פויזען צו צוויי.

זיי קומען אויף צו צום אוקינוס
און זינקען אין וואַסער צום דעק;
אויף זיי שפּייט אַרויס דער אוקינוס
צוריק אויפן זאַמדיקן ברעג...

איצט דאַרף נאָך דער האר פונם לעבן
אויך דורכגיין דעם זעלביקן וועג,
און קומען באַוואַכן אויף אייביק
דעם גוף אויפן זאַמדיקן ברעג...

## די זון פֿאַרגייט

די זון פֿאַרגייט,
מיין הויז ווערט שוואַרצער, שוואַרצער,
און פֿון דער טיפֿעניש פֿון אונטער אַלע ווענט
אַן אומגליק־אויסגעשריי דערטראָגט זיך.
איך ווייס, מיין הויז איז לער און פּוסט,
איך ווייס, און האָב עס פֿריער אויך געוואוסט.

איך בין שוין מער נישט יונג,
און איך פֿאַרשטיי שוין נישט דעם אונטערשייד
פֿון לעצטע שטראַלן, ווען די זון פֿאַרגייט,
און ערשטע שאָטנס, ווען די נאַכט קומט אָן...
דער פֿאַרגעפֿיל פֿון אומגליק עפֿנט אויף אין מיר
די אַנדערע, די נאַכטיקע צוויי אויגן, —
דאַן זע איך אויך דעם האַלז, וואָס שרייט דעם אויסגעשריי
פֿון אונטער אַלע ווענט...

דעם האַלז, וואָס בעט זיך, בענקט נאָך הענט,
נאָך הענט, וואָס קאָנען וואַרגן;
נאָר מיינע הענט — זיי האָבן קיינמאָל נישט געוואָרגן,
פֿאַרבלייב איך רואיק, קאַלט און וואַרט,
(און דער וואָס וואַרט, — דערוואַרט זיך)
ביז וואַנען עס ווערט דער האַלז פֿון זיך אַליין דערוואָרגן,
און דאַן פֿאַרמאַך איך מיינע נאַכטיקע צוויי אויגן...

## קלינגט אין די גלאָקן פון אויפשטאַנד

קלינגט אין די גלאָקן פון אויפשטאַנד,
און אַז איר ווערט מיד — רוט זיך אָפּ;
די גלאָקן וועלן אַליין זיך שוין וויגן...

ווער זענען מיר אַלע? ווער?
געשטרויכלטע פיס ווערן מער נאָך געשטרויכלט,
פאַרבראָכענע הענט ווערן מער נאָך פאַרבראָכן;
און ווער קאָן זיך שטעלן אַנטקעגן געשטרויכלטע פיס,
וואָס ווערן נאָך מערער געשטרויכלט?
און ווער קאָן זיך ווערן אַנטקעגן פאַרבראָכענע הענט,
וואָס ברעכן זיך מער נאָך פאַרבראָכן?

קלינגט אין די גלאָקן פון אויפשטאַנד,
און אַז איר ווערט מיד — הערט אויף;
די גלאָקן וועלן אַליין שוין דערקלינגען...

וואָס טוען מיר אַלע? אַלע?
מיר ליידיקן אָפּ די אַרענעס פון אויפשטאַנד,
מיר טוען זיך אויס פון די שוישפּיל־קאָסטיומען
און קערן צוריק זיך צו אונזערע היימען.
— קומט אונז אַנטקעגן! — עס רירט זיך נישט קיינער;
— צינדט אָן די לאָמפּן! — עס ענטפערט נישט קיינער;
— עפנט די טירן! — זיי זענען גאָר אָפן...
ברידער, וואו זענען די קוילן פון אויפשטאַנד?
ברידער, וואו זענען די פלאַמען פון אויפשטאַנד, —
די אייגענע היים צו פאַרטיליקן?..
אויבן דער הימל איז לאַנג שוין פאַרלאָשן,
און פון די זייטיקע נאַכטיקע וועלדער
קומט אָן אַן עכאָ
פון לאַנג שוין געשריענע קולות;

— ווער האָט געשריען? ווער?
לאָזט זיך אַרונטער און קניט צו דער ערד,
פויזעט אויף הענט און אויף פיס
גאַס־איין און גאַס־אויס, פעלד־איין און
פעלד־אויס,
ביז איר שפרינגט אויף און איר יאָמערט אַרויס:
— ווער האָט געשריען? ווער?
נאַכטיקע וועלדער באַדאַרפן זיין שטום...
ברידער, וואו זענען די העקער פון אויפשטאַנד?
ברידער, וואו זענען די זעגן פון אויפשטאַנד
די נאַכטיקע וועלדער צו איינוואַרפן?..

ליגן מיר אַלע אַנידערגעפאַלענע
און ס'קומט נישט דער מאַן מיטן גראָבאייזן —
זאָלן מיר וואַרטן? אַלע?
הייבט זיך אָן קייקלען וועג־איין און וועג־אויס
פון היילן צו היילן דורך היילן,
ביז מיר דערקייקלען זיך...
— קומט אונז אַנטקעגן; — עס רירט זיך נישט קיינער;
— עפנט דאָס טויער, — דאָס טויער איז צוגעמאַכט;
— צינדט אָן די יאָרצייטן, — יאָרצייטן ברענען נישט...
ברידער, וואו זענען די שופרות פון אויפשטאַנד?
ברידער, וואו זענען די לאָמען פון אויפשטאַנד,
דאָס אייביקע טויער צו אויפברעכן?..

קלינגט אין די גלאָקן, קלינגט אין די גלאָקן,
קלינגט אין די גלאָקן פון אויפשטאַנד,
און אַז איר ווערט מיד — רוט זיך אָפּ,
די גלאָקן וועלן אַליין זיך שוין וויגן,
די גלאָקן וועלן אַליין שוין דערקלינגען,
דערקלינגען,
אַליין שוין דערקלינגען...

# צוויי קעפ

ליגן אויפן קישן
טויטע דיינע הענט,
צוגעמאַכט די אויגן,
נאָר דיין פנים ברענט.

מיט צעגליטע ליפן
שטאַמלסטו אַרויס:
לעש מיין דאָרשט, אין פייער
ברענט מיין גאַנצע הויז.

פריי איך זיך אין פייער,
האָב אויף אים געוואַרט,
האָב די טיר באַצייטנס
אויפן שלאָס פאַרשפאַרט.

דריי איך זיך אין פייער
רונד אַרום דיין קאָפ,
ביז צו דיין געלעגער
לאָז איך זיך אַראָפּ.

פון די ווייטע גאַסן
נענטער צו די טרעפ
טראָגן זיך געשרייען,
גלעקער, העקער־קלעפ.

אויסגעזעצט די שויבן,
שוין נאָך אַלע קלעפ.
אויפן קישן ליגן
צוויי פאַרברענטע קעפ...

# דיינע זינגענדיקע ווערטער

דיינע זינגענדיקע ווערטער זענען טויט, —
זיי האָבן אין מיין האַרץ מיין אומעט נישט דערפרייט.

זיי האָבן נישט פאַרגרינגערט מיינע שטרויכלענדיקע טריט,
אויף מיינע ליפּן האָבן זיי קיין שמייכל נישט דערהיט.

און פון דעם ברייטן פלאַץ אין בוך־שראַנק, וואָס דיין ווערק פאַרנעמט,
די אויגן מיינע האָב איך אָפּגעקערט און זיך פאַרשעמט.

איך גיי אַרויס אַליין אין אָוונטיקן פּאַרק. איך הער
צוויי איינפאַכע, צוויי טרייסטנדיקע קלאַנגען נאָר: נישט מער, נישט מער.

די בלעטער אונטער מיינע פיס, די וועגלעך פון אַספאַלט,
די בענק די ליידיקע און איך — מיר אַלע ווערן איין געשטאַלט.

אויך דו, פּאָעט, ווי איך און ווי דער טונקעלער אַספאַלט,
צוזאַמען ווערן מיר איין אָוונטיקע רואיקע געשטאַלט.

און אין מיין האַרץ, פּאָעט, אין דיינעם אויך — געבעט:
ווער שטום, ווער שטום אויף אַלע מאָל, פּאָעט. . .

## שויבן אַנטקעגן שויבן

שויבן אַנטקעגן שויבן, —
מיין הויז און דאָס שכנישע הויז קעגנאיבער.
פּלוצלינג, נאָך יאָרן־לאַנג וואוינען אין שכנות,
האָט אַ פינקל געטאָן פאַר מיין אויג
דער טונקעלער, רויטלעכער פייער פונם דאָרטיקן גאַז־רער. —
דער טונקעלער, רויטלעכער פייער אַהינטער געשטריקטע גאַרדינען—
ווי דאָס ליכט פון אַ וועלט, וואָס איז נאָר וואָס אַרונטערגעפאַלן
פון פרעמדע, פאַרבלאָנדזשעטע הויכן.

זוער וואוינט אינם שכנישן הויז
אינם שיין פון אַזאַ איינגעשלאָסענעם פייער?
שאָטנס פון הענט, שאָטנס פון קעפּ,
שאָטנס פון ברייטע פאַרגליווערטע אַקסלען;
הענט, וואָס ווייסן נישט אין דער פאַרבלאָנדזשעטער פרעמדקייט
צו וועמען זיך אויסצושטרעקן;
קעפּ, וואָס ווייסן נישט צו וועלכע ווינקלען צוצופאַלן,
אָן וועלכער וואַנט זיך אָפּצושלאָגן. —
הער איך אַזוי ווי אַ רוף פון פאַרוואָרגענע העלזער,
אַ רוף און אַ הייסער געבעט מיט געוויין און מיט ליידנשאַפט:
— קום אַריבער צו אונז, קום אַריבער צו אונז...

איך פאַל צו מיטן שטערן צו די שויבן,
צו די שויבן, וואָס שפיגלען מיך אָפּ און טיילן מיך אָפּ,
און טראָגן מיך דורך נישט געזעענערהייט,
צו די שויבן פון דעם שכנישן הויז קעגנאיבער. —
אַזוי טיף איז די בענקשאַפט אין מיר
נאָר דאָס אינווייניקע פרעמדקייט פון שכנישע הייזער;
אַזוי טיף איז די בענקשאַט אין מיר

צו אָטעמען איין אָטעם, צו קוקן דורך איין שוואַרצאפּל,
צו שלאָפן איין שלאָף מיט די שאָטנס
פון ברייטע פאַרגליווערטע אַקסלען פון שכנישע גופן...

דער רוף און דער הייסער געבעט פון געוויין און פון ליידנשאַפט
ווערט שטילער, ווערט קעלטער;
פאַרלאָשן און פינסטער דער טונקעלער, רויטלעכער פייער; —
די זעלביקע שטימען, וואָס האָבן מיך פריער גערופן,
טרייבן מיך איצט אויף צוריק, טרייבן און שטויסן
מיט פיינטשאַפט און ביטערקייט,
מיט שפּאָט און מיט עקל:
– צוריק גיי צו זיך...

נאַכט־ליכט, וואָס פאַלט אויף מיין פּנים,
שטוב־ווענט, וואָס היטן מיין וואכיקייט,
פענסטער, וואָס שפּיגלען מיך אָפּ און טיילן מיך אָפּ,
בינדן מיך, שמידן מיך איין
אין די שטריק פון מיין אייגענער נאָנטקייט...
שטעכיק און בלוי, ווי דאָס בלוי פון געפרוירענע ליפּן,
וויגט זיך אַרויף און אַראָפּ איבער מיר
דאָס ליכט פון מיין אייגענער נאָנטקייט...

## אַלע מיר זענען פֿאַרלוירן

טונקעלער ווערן די שויבן,
פֿינסטערניש שפּרייט זיך ביים טיר:
טריט, און די טיר ווערט געעפֿנט, —
ווער איך פֿאַרלאָזן פֿון דיר.

גיי איך און קוק נישט אויף הינטער,
קומען צוריק קאָן איך נישט;
דיר וועט נישט איינפֿאַלן נאָכגיין
רופֿן צוריק מיינע טריט.

דיר וועט נישט איינפֿאַלן, ווייס איך,
ווילט זיך דאָך גלויבן, אַז יע;
קער איך זיך אום — דיינע שויבן
לויכטן שוין, ברענען, איך זע.

הערבסטיקע מענטשן און גאַסן —
יאָגן זיי אַלע מיט מיר;
אַלע מיר זענען פֿארלאָרן,
זענען פֿאַרלאָזן פֿון דיר.

## לעבעדיק ביסטו און טויט

לעבעדיק ביסטו און טויט.
איך אויך ווי דו
לעבעדיק בין איך און טויט.
ביידע מיר פליען מיט שווינדלענדע קעפּ,
איך אַרום דיר,
דו אַרום מיר,
רגעס צוזאַמען,
אייביק צעשיידט.

כאַפּ איך דיין האַנט און איך צי דיך צו זיך –
בלייבט אויף מיין האַנט אַ צעבלוטיקטער ביס,
הויבט אָן אַרונטערצוזינקען מיין קאָפּ,
זינקען צו דיינע געשטרויכלטע פיס.

ביסטו אין ווייסן אינגאַנצן געקליידט,
איך אויך ווי דו
בין איך אין ווייסן אינגאַנצן געקליידט.
איך לעבן דיר,
דו לעבן מיר,
רגעס – אין לעבן,
אייביק – אין טויט.

## שטייט מיין אויסלייזער

שטייט מיין אויסלייזער
אין מיין הויז —
אַ געראָפּענער,
אַ געקומענער,
מיך, דעם זינדיקן,
לייזט ער אויס.

אויף זיין לינקער האַנט
הענגט אַ זאַק,
אויף זיין רעכטער האַנט
אַ צוויי־זייטיקע
אַ פאַרבלוטיקטע
שאַרפע האַק.

נעם מיך, אויסלייזער,
אין דיין זאַק, —
אָן דערבאַרעמונג
אויף דעם זינדיקן
נישט באַגנאָדיקטן
הייב די האַק...

# מיט אַ האַלבן און שפּיציקן פּנים

מיט אַ האַלבן און שפּיציקן פּנים,
פאַרקרימט אין צעצויגענעם פּראָפיל,
קוקט די לבנה אַרונטער
אויף מיר.

אַז איך פאַרקריך מיט אַ כיון, אויס נייגיר,
אין פאַרפלאָכטענעם וואַלדיקן אָ־מליכט —
קוקט די לבנה אַרונטער
סיי ווי.

אַז איך גיי אַרויס פונם וואַלדיקן אומליכט,
און לאָז זיך צום וועג פון מיין וואוינונג —
קוקט די לבנה אַרונטער
סיי ווי.

אַז איך מאַך צו די טיר אויפן ריגל
און איך גיי צווישן ווענט אויף די שטיגן —
קוקט די לבנה אַרונטער
סיי ווי.

אַז איך פאַרצי ביז אַראָפּ די פאָרהאַנגען,
און בין ווידער אין זיבעטן אומליכט —
קוקט די לבנה אַרונטער
סיי ווי...

## אַז די הויכע מויערן

וואָס וועט זיין, אַז די הויכע מויערן פון דער שטאָט ניו-יאָרק
וועלן שוין העכער נישט קאָנען מער העכערן זיך;
אַז די טיפע טונעלן פון דער שטאָט ניו-יאָרק
וועלן שוין טיפער נישט קאָנען מער טיפן זיך;
אַז די רייכע מענטשן פון דער שטאָט ניו-יאָרק
וועלן שוין קומען צו דער לעצטער רייכקייט,
און די אָרעמע — צו דער לעצטער אָרעמקייט? —

איך זע — ווייל אַזוי וועט עס זיין: —
די העכסטע מויערן און די טיפסטע טונעלן,
די רייכסטע רייכע און די אָרעמסטע אָרעמע
שטרעקן אויס די הענט צום ים אוקינוס
און בעטן מיט אונטערטעניקייט:
— אונזערס האָבן מיר שוין אָפּגעטאָן,
און איצטער טו דאָס דייניקע;
די שעה, דו זאָלסט אַרויס פון די ברעגן, איז געקומען,
טאָ אייל און טו דאָס דייניקע,
ווי מיר האָבן אונזערס שוין אָפּגעטאָן...

וואָס וועט זיין, אַז דער ים וועט פאַרנעמען
דאָס געבעט פון די מויערן און טונעלן,
פון די רייכע און פון די אָרעמע,
און וועט פאָלגן דער שעה, וואָס דאַרף קומען,
און וועט אַרויס אַ טאַנצנדיקער און אַ שטורמדיקער,
און וועט אָפּטאָן שוין זייניקע?.. —

איך זע — ווייל אַזוי וועט עס זיין: —
מיר ליגן פאַרשלעפּערטע אויף די ווייכע טיפענישן,

איינגעוויקלטע אין וואַסער־געוועבן,
און חלומען דעם חלום פון אַ ל ע ק אָ ל י ר ן.
און שטיל זענען אונטער אונז די ווייכע טיפענישן
און די אויסגעשפרייטע שפיגלען, וואָס איבער אונז,
און אונזער אָטעם שלאָגט צום טאַקט פאַנאַנדערגעצויגענע,
דינע, דינסטע קלעפּ פון אַלע קאָלירן.
און אַז מיר עפענען אויף אַ ווײַלע די ברעמען,
קוקן מיר אין די אויסגעשפרייטע שפיגלען
אויף אונזערע פולע, אָנגעגאָסענע, בולטע
קרישטאָלענע שוואַרצאַפּלען פון אלע קאָלירן.
און אַז די אויסגעשפרייטע שפיגלען נעמען זיך הייבן
אַלץ העכער און העכער צום שטורמדיקן אויבן,
הויבן זיך אויף פאַרכשופטע אויך אונזערע שוואַרצאַפּלען
און קייקלען זיך צו צו די ברעגן...

און שטיל זענען די זאַמדיקע וויסטענישן,
און גרין זענען די שטערן פון די הימלען,
ביז וואַנען זיי ווערן נישט בולט און פול,
ווי אונזערע שוואַרצאַפּלען, מיט אַלע קאָלירן...

## ווער?

ווער האָט מיך אַוועקגעזעצטביים טיש,
ווער האָט צום דעם שטול מיך צוגעבונדן?
ווער האָט טיר און פענסטער צוגעמאַכט,
איבער מיר אַ פייער אָנגעצונדן?

מיינע אויגן קוקן אויפן טיש,
מיינע הענט זיי שפּאַרן אָן מיין שטערן —
קאָנען מיינע אויגן דיך דערזען?
קאָן מיין אויער דיינע רייד דערהערן?

גאָרנישט קאָנען מיינע אויגן זען,
און מיין אויער קאָן דיך נישט דערהערן,
טיש און שטול און וואַנט און שויב
איבער מיר געוועלטיקער זיי ווערן.

האָט דער טיש מיך צוגעשמידט צו זיך,
האָט דער שטול צו זיך מיך צוגעבונדן;
נישט פון קיינעם נאָר פון זיך אַליין
האָט זיך איבער מיר אַ פייער אָנגעצונדן...

## פֿאַרלאָז מיך, פֿאַרגעס

פֿאַרלאָז מיך, פֿאַרגעס, —
עס פֿלעכט זיך אַזוי ווי אַ שטריק אַרום מיר
מיין בענקשאַפֿט נאָך דיר.

איך האָב נישט קיין מוט
אַ צי טאָן די שטריק מיט די אייגענע הענט,
פֿאַרגיכן די ענד.

אין שטוב צי אין גאַס
צו יעדן באַגעגנטן ווענדט זיך מיין בליק:
— פֿאַרציט ווער די שטריק.

נאָר קיינער דערזעט.
צו דיר וועל איך מוזן זיך קערן צוריק
און בעטן: דערשטיק...

## דער געל־ווייסער שיין

אַ הינטערן שטאָט פֿאַרקייקלט זיך די זון,
פֿאַרקייקלט זיך די זון און לאָמפּן צינדן זיך אָן;
אַז לאָמפּן ציגדן זיך אָן פֿאַלט אַ געל־ווייסער שיין,
פֿאַלט אַ געל־ווייסער שיין אויף אַלעמען אָן.

און מענטשן נעמען אויף מיט נייגעריקער פֿרייד
דעם געל־ווייסן שיין;
(מענטשן האָבן אַ טיפֿע פֿאַרבאָרגענע אַנונג,
אַז דער געל־ווייסער שיין איז אַן אָפּשיין פֿון ליכט,
פֿון ליכט, וואָס וועט קיינמאָל נישט אויפֿגיין ביינאַכט...)
מענטשן קוקן מיט קינדערשער פֿאַרליבטקייט
ווי עס שפּרייט זיך דער שיין אויף שטיין און אַספֿאַלט,
און זעט אויס ווי אַ פֿאַרפֿלייצנדער טייך, וואָס שלאָגט אַריבער
די אייגענע ברעגן...

אין די טריט פֿון די מענער
הערט זיך שוין דער אָנזאָג פֿון דעם קומענדיקן שטורם,
און די פֿאַלדן פֿון סאַמעט און זייד,
אויף די גלידער פֿון פֿרויען,
זענען שוין אָפֿן און גרייט צו פֿאַרנעמען
דעם שוים פֿונם קומענדיקן שטורם. —
דער שטורם — ער קומט שוין;
דער שטורם — ער איז שוין געקומען...

דער פֿאַרפֿלייצנדער טייך פֿונם געל־ווייסן שיין
האָט דערגרייכט שוין די קני פֿון די מענער און פֿרויען,
האָט דערגרייכט שוין די אַקסלען פֿון מענער און פֿרויען,
און העכער, און העכער — אַריבערן קאָפּ...

וואָס טוען די מענער און פרויען
אויפן אָפּגרונט פון געל־ווייסן שיין?
זיי שווימען אַרויף און אַראָפּ ווי פאַרכשופטע בלינדע געשטאַלטן,
געאַרעמט, געקלאַמערט,
געהילטע אין סאַמעט און זייד;
און טיפער נאָך ווערט די פאַרבאָרגענע אַנונג איז זיי,
אַז דער געל־ווייסער שיין איז אַן אָפּשיין פון ליכט,
פון ליכט, וואָס וועט קיינמאָל נישט אויפגיין ביינאַכט...

## אָ ו נ ט

אויף אַלע טרעפּ פונם געדרייטן קאָרידאָר
ליגן איינגעקנוילטע מיטן פּנים צום אַספאַלט
די אָפּגעלעבטע שעהן פון מיין טאָג.

און ווען עס פאַלט דער לעצטער אָוונטיקער שיין
מיט זיי צוזאַמען מיטן פּנים צום אַספאַלט, —
באַווייז איך זיך אין טיר און זאָג:
איר זעט, מיין טיר איז אָפן, קומט אריין.

מיט דאַנקבאַרקייט פון קנעכט צו זייער האַר
פאַרנויגן זיי דעם קאָפּ אין רויטן שיין.

איך טראָג זיי אונטער שטולן, זיי צעזעצן זיך
און ווי זיי זיצן, הער איך ווי זיי זאָגן: האַר,
מיר וואַרטן אויף אַ צייכן פון דיין האַנט
צו זינגען פון דיין אָוונטיקן צער.

— „דער צייכן פון מיין האַנט איז שוין געגעבן,
גאָר זינגט נישט פון מיין אָוונטיקן צער,
ביז וואַנען עס וועט אָנקומען די רגע
ווען איך וועל שוין נישט זיין מער אייער האר...“

פאַרנעמען זיי מיין ענטפער און זיי וואַרטן.
און מיט אַמאָל — אַן אויפגערייצטער שפּרונג:
זיי כאַפּן זיך אַליין אָן פאַרן גאָרגל
און שטאַרבן מיט אַן אויסגעקערטער צונג.

איך שליידער זיי אַרויס דורך אַלע פענסטער,
איך בין שוין מער פאַר קיינעם נישט קיין האַר.
און גוט איז מיר צו זיצן אין דער פינסטער
אָן שעהן און אָן אָוונטיקן צער...

# דער געוויקסיקער טאַטע

אינם בעטל ליגט דאָס דריי־יאָריקע קינד,
פאַרמאַכט און עפנט די אויגן ; —
עפנט און קוקט אויפן הויכן, געוויקסיקן טאַטן,
וואָס שטייט ביי דעם וויגל דאַנעבן ;
און דער הויכער געוויקסיקער טאַטע,
וואָס זעט אַלץ און הערט אַלץ און וויס אַלץ,
גליווערט אין פאַרוואונדערונג :
— וואו האָט ער געזען אַזוינע אויגן ?
וואו האָט ער געזען אַזוינע אָפן צעעפנטע אויגן ?

דער קלוגער געוויקסיקער טאַטע קערט אָפּ זיין געזיכט
צו דער ליכטיקייט פונם געלבלעכן פייער,
צו די פאַרהאָנגענע פענסטער און פאַרטונקלטע ווינקלען,
וואָס ליגן אין שטילקייט פון פאַרזונקענע שפּהן.

דער קלוגער, געוויקס־קער טאַטע טוט אויס זיינע קליידער,
לעשט אויס דאָס ליכט פונם געלבלעכן פייער,
ציט זיך אויס אין דער לענג פון דעם גרויסן בעט,
פאַרמאַכט און עפנט די אויגן. . .

און דער קלוגער געוויקסיקער טאַטע,
וואָס זעט אַלץ און הערט אַלץ און וויס אַלץ,
גליווערט אין פאַרוואונדערונג :
— זע, ס'אַראַ גרויסע הענט
דער טאַטע פאַרוואַרפט אויפן קאָפּ ;
זע, ס'אַראַ פייערדיקע רינגען
עס טאַנצן דעם טאַטן פאַר די אויגן ;
יע, ס'אַראַ לאַנגע בעט דער טאַטע פאַרנעמט. . .

דער הויכער געוויקסיקער טאַטע
שפּרינגט אַראָפּ פון בעט,
גייט נאָכאַמאָל צו צו דעם בעטל פון קינד,
און קוקט דורך דער פינסטערניש. —
די אָפּן־צעעפנטע אויגן פונם קינד
זיי זענען נאָך אָפענער־צעעפנטער,
און דער הויכער געוויקסיקער טאַטע —
נאָך העכער, געוויקסיקער.
גליווערט דער טאַטע נאָך מער אין פאַרוואונדערונג:
— זע, ס'אַראַ חלום ס'קינד האָט זיך אויסגעחלומט,
זע, ס'אַראַ הויכן, געוויקסיקן טאַטן
דאָס קינד האָט זיך אויסגעחלומט...

## דער אַנטרונענער

ווער עס וויל, זאָל קומען זיך דערבאַרעמען,
אָדער גאָר פאַרלענגערן די שטראָף, —
ברעמען וועלן אייביק צודעקן די שוואַרצאַפּלען, —
האָף אויף דיינע מידע ברעמען, האָף.

אויף אַן אינזל וואוינט ער, דער אַנטרונענער,
רונד אַרום — דער גרויסער אָקעאַן;
אינזלען וועלן אייביק האַלטן דעם אנטרונענעם
אין די פינסטערע געצעלטן פון טומאַן.

צוגעשמידטע וואַסער־גלאָקן וויגן זיך,
בלוטיק־רויטע אויגן איבער זיי;
רייזנדע נאָך לענדער נישט געזעענע
קומען אום אין שטורמיקן געדריי.

נישט צוריקרופן פון אָפּגרונט די פאַרפאַלענע,
נישט צו מאָנען, נישט צו אָפּצאָלן פאַר זינד, —
אַז דער איינציקער אַנטרונענער האָט אָנפאַרטרויט
זיינע זעגלען צום קאַפּריזידיקן ווינט.

שטורם־ווינטן לעשן אַלע פייערן, —
וואסער־אויגן לעשן זיך נישט אויס;
וואַסער־אויגן בויערן און לויערן:
קיינער וועט פון האַפן נישט אַרויס.

איינגעשטילטע שלאָפן שוין די אָפּגרונטן, —
וואסער־גלאָקן שטילן זיך נישט איין;
וואסער־גלאָקן צאָרענען און וואָרענען:
קיינער וועט אין האפן נישט אַריין...

# פאַר וועמען

פאַר וועמען די מטה, מיין טאַטע?
— פאַר דעם, וואָס באַזאָרגט זיך אַליין מיט קיין מטה ניט, זון.

וואוהין דאַרפסטו ברענגען די מטה, מיין טאַטע?
— אַהין, וואו עס גראָבט זיך דער קבר, מיין זון.

און וואו איז דאָס לאַנד, וואו עס גראָבט זיך דער קבר, טאַטע?
— נישט הי, נישט הי, מיין זון.

מיט וועמען אין שכנות דאָרט גראָבט זיך דער קבר, טאַטע?
— אין שכנות מיט מיר, מיין זון.

צי קאָנסטו מיך נעמען אַ קוק טאָן דעם קבר, טאַטע?
— לייג זיך אין מטה, מיין זון.

צי דאַרף איך פאַרמאַכן די אויגן, טאַטע?
— זיי זענען שוין צו, מיין זון.

וואָס יאָגסטו אַזוי ווי אַ שטורם, טאַטע?
— די צייט איז נישט מיינע, מיין זון.

און וואו וועל איך ווידער זיך אויפכאַפּן, טאַטע?
— נישט הי, נישט הי, מיין זון...

# אין דער װאַכעדיקער שעה

אין דער װאַכעדיקער שעה
פון מיטן נאַכט
האָסטו קײנמאָל נאָך מײן טיר
נישט אױפגעמאַכט.

נישט געזעסן בײ מײן טיש
פאַר דיר געגרײט,
נישט דערפרײט מיט דײן באַריר
מײן װײן און ברױט.

װען די װאַכעדיקע שעה
צו ענד דערגײט,
קומט אין שטוב אַרײן דער שלאָף
פון דיר באַגלײט.

אײדער נאָך איך זאָג אַ װאָרט
פון מױל אַרױס,
רירט דער שלאָף דעם פײער אָן
און לעשט אים אױס;

פירט אַ שלײדער מיך צום בעט
און דעקט מיך צו,
דאַן דערהער איך ערשט דו רופסט:
— װאו ביסטו, װאו?

אין דער פינסטערניש אַלײן
צום שטול געשמידט,
זיצסטו אָפּ די נאַכט און רופסט, —
דערװעקסט מיך ניט.

אַז עס גרויט דער נייער טאָג,
ווערט שטום דיין רוף,
יענע שטומעניש דערשרעקט
און וועקט מיך אויף.

ווי איך עפן נאָר אַן אויג,
איז אַלץ שוין אויס, —
האַסטיק, הער איך, יאָגן פיס
פון שטוב אַרויס.

אָנגעגאָסן שטייט מיט ווייַן
דאָס גלעזל פול,
וויגט זיך נאָך פון ראַשן שטעל
דער לערער שטול...

# שאַרפע ווייטאָקן

שאַרפע ווייטאָקן, זיי האָבן מיך געצויגן,
און דערפאַר בין איך צו דיר געקומען,
שנייד אַרויס פון שטערן מיינע אויגן,
רייס אַרויס מיין צונג מיר פונם גומען.

לאַנגווייליק איז מיר אַזוי צו לעבן.
איך דערמאָן זיך רגעס... שמיץ פון ריטער
בלוטיקן דאָס לייב, און דאָ דערלעבן
שטייט און וואַרט אַ צווייטער און אַ דריטער.

אַלע וואָרן מיר דערנאָך געטראָגן
און אַריינגעוואָרפן אין דער טיף אין קעלער, —
הער איך ווי די ליפּן מיינע זאָגן:
— נייע ליידן גאַר איך, קומט וואָס שנעלער.

אין דער האָפענונג אויף נייע ליידן
ליג איך אויפן דיל אַן איינגעוויגטער;
הער איך ווי די ליפּן מיינע רעדן:
— שמייכל צו דיין קעניגרייך, באַגליקטער...

# דער סימולאַנט

הינטער דיקע ווענט און שלעסער,
הינטער טויערן און גראַטן,
שלאָפֿט דער טורעמדיקער אויסגעלאָשענער צענטראַל.*)
און דער שטאָט־זייגער שלאָגט זיינע שעהן
די אָנהויבנאַכטיקע, דערנאָך די מיטננאַכטיקע,
צוועלף מאָל: בום.

ווען דער שטאָט־זייגער שלאָגט אָפּ זיינע צוועלף מאָל בום, —
דעמאָלט רייסט פון זיך אַראָפּ זיין גרויען צודעק,
דרייט זיך איבער מיטן פנים צום סופיט,
און עפנט זיינע אַנדערשטיקע אויגן
דער, —

וואָס האָט גאָך וואָכן און חדשים און נאָך יאָרן
פון געדולדיקער געפאַנגענשאַפט,
אַ צי געטאָן זיין האַנט צו דעם גאליקן געטראַנק פון קרייטעכער,
צוגערירט זיך מיטן מויל און אויסגעטרונקען שלונג נאָך שלונג...

געוואַגט צו אָנהויבן דאָס גרויסע שפיל מיט זיך אַליין,
דאָס שפיל אין פרייהייט פון אַלע פרייהייטן,
דאָס שפיל פון בלענדענדיקן ליכט...

אַ שליידער אָן דער ערד דעם צודעק,
אַ קלינגענדיקער שפרונג צום טיר, צום פענסטער
און — אויפגעפלאַמט דאָס רויטע פייער פון די אויגן.

---

*) אַ רוסישע קאַטאָרגע־געפענגעניש.

דער שטאָט־זייגער, נאָכן שלאָגן צוועלף מאָל בום,
קערט זיך אום צוריק צום אָנהויב — צו איינס,
איין מאָל בו־ו־ם, און ווייטער גאָרנישט, —
דעמאָלט איז דאָס גאַליקע געטראַנק שוין לאַנג פאַרגעסן,
די שפּיצן פינגער פון די פיס און הענט
זענען אויסגעגלייכט צוריק,
און דאָס איינגעווייד פון בויך שפּאַרט נישט מער צום האַלדז;
די שפּיצן פינגער פון די פיס און הענט
טאַנצן איבער שטיקער גלאָז פון שויבן,
און די פייער־קוילן פון די אַנדערשטיקע אויגן
קייקלען זיך פון טיר צו טיר, פון טרעפּ צו טרעפּ
פון אַלע שווינדלענדיקע קאָרידאָרן
און צינדן, צינדן, צינדן
דאָס שטורמדיקע, בלענדענדיקע ליכט פון אַלע פרייהייטן...

וועכטער קלאַפּן אין טרעוואָגע־גלאָקן,
שליסלען לעכערן דאָס האַרץ פון שלעסער,
בייטשן קנאַלן, ריטער פייפן
אויף דעם נאַקעטן און בלענדענדיקן גוף
פון דעם —
וואָס קייקלט זיך אַן איינגעבויגענער אין גראָבע שטריק,
פון טרעפּ צו טרעפּ אַרונטער צו די טיפענישן
פון דעם אויפגעשטורעמטן און אויפגעלויכטענעם צענטראַל...

דער שטאָט־זייגער
נאָכן אָפּשלאָגן צוועלף מאָל בום,
און נאָכן אומקערן זיך צוריק צום אָנהויב — צו איינס,
בענטערט זיינע ווייזערס צו דעם צייכן II
און שלאָגט: בום, בום...

## וואָס וועט זיין?

וואָס וועט זיין? וואָס וועט זיין?
עס וועט גאָרנישט נישט זיין. —
מענטשן שטייען ביים טיר,
מענטשן קומען אַריין,
באַטראַכטן דאָס ליידיקע אבלע הויז
און גייען אַרויס.

וואָס וועט זיין? וואָס וועט זיין?
עס וועט גאָרנישט נישט זיין. —
עס פאַלט אויף מיין פּנים
דער וועקסענער שיין;
איך זיץ און איך היט
דאָס קלאָג־ליד פון ליידיקע ווענט און סופיט.

וואָס וועט זיין? וואָס וועט זיין?
עס וועט גאָרנישט נישט זיין. —
עס קוקט אַ פּאָרטרעט
מיר אין פּנים אַריין.
ער קוקט און ער רעדט:
זאָל ד י י ן גוף פאַרנעמען דאָס ליידיקע בעט...

וואָס וועט זיין? וואָס וועט זיין?
עס וועט גאָרנישט נישט זיין. —
מען שטייט נישט ביים טיר,
און מען קומט נישט אַריין;
און נאָר דער פּאָרטרעט —
ער קוקט און באַוואַכט דאָס פאַרנומענע בעט...

## דאָרט וואו איך בין נאָך נישטאָ

שלאָפט מײַן פֿרוי און לעבן איר
מײַן נאָר=וואָס געבוירן קינד, —
קליידער פֿאַר מײַן ווײַטן וועג
זעט זי נישט ווי איך צעבינד.

איך צעבינד און קלייד זיי אָן,
און צוריק דערנאָך באַהאַלט:
איין מינוט אין יעדער נאַכט
זע איך זיך אין מײַן געשטאַלט...

טרעפֿט אַמאָל איך קלייד זיך אָן
און פֿאַרלענגער די מינוט, —
ווערט די ווײַסקייט פֿון מײַן קלייד
רויט ווי אָפּגעפֿאַרבט אין בלוט.

וועמענס בלוט? מײַן פֿרויס? מײַן קינדס?
אָ, איך טראָג אין זיך אַ שולד
אַ באַהאַלטענע אין קלעם
מיט פֿאַרגליווערטן געדולד. —

ווײַל עס קלינגט מיר נאַכט נאָך נאַכט
אַ באַפֿעלנדיקער קול:
— אין דײַן גרייטן ווײַסן קלייד
טו זיך אָן אויף אַלע מאָל...

און דערווײַלע גייט די צײַט
אָן דער זײַט פֿון מײַנע טעג;
ברייט צעעפֿנט איז מײַן אויג —
איך דערזע דעם ווײַטסטן וועג.

ס'איז מיין אויער אָנגעשטרענגט,
איך דערהער דעם שטילסטן רוף:
דאָרט וואו איך בין נאָך נישטאָ
גייט דערווייל מיין שטערן אויף.

יעדער שטערן, וואָס גייט אויף,
וועט דערנענטערן די שעה...
לאַנג שוין, אַז מען וואַרט אויף מיר
דאָרט, וואו איך בין נאָך נישטאָ...

# אונטער די טריט פֿון מיינע פֿיס

## א

אונטער די טריט פון מיינע פיס,
אין די טיפע טיפענישן פון דער ערד,
הער איך דאָס אומאויפהעריקע גערויש־געזאַנג פון מיין לעבן,
שטראָמענווייז — אָדערנווייז.

דער דיקער שיכט ערד, וואָס אונטער מיינע פיס,
ווערט אַמאָל דורכזיכטיק ווי אַ געשליפן גלאָז,
און פאַר מיינע אויגן גיבן ־אַ בלענד
פאַרבן פון זיבן מאָל זיבן קאָלירן.
ווי איינער, וואָס קוקט אַריין אין אַ טייך
און זעט ווי זיין לעבן כוואַליעט זיך
צוזאַמען מיט זיין שאָטנדיקער אָפּשפּיגלונג, —
אַזוי בלייב איך שטיין אַן אַריינגעדרונגענער מיטביידע אויגן
אינם דיקן שיכט ערד, וואָס אונטער מיינע פיס.
און איך זע:
לאַבירינטן געצונדענע
אין פייערן, וואָס מען זעט נאָר אין חלום;
טויערן וואַרטנדיקע
מיט אָפנקייט, וואָס מען זעט נאָר אין חלום;
און איבער זיי, און דורך זיי,
שטראָמענווייז — אָדערנווייז,
דאָס לעבן, וואָס מען זעט נאָר אין חלום. . .

איך גיי אַרום אויף דעם דיקן שיכט ערד,
וואָס אונטער מיינע פיס,
און טראָג אין זיך די פרייד פון די אונטערשטע טיפענישן
שטראָמענווייז — אָדערנווייז. . .

ב

אינם טומל־פאַרטומלונג פון טעג,
טעג – שעהנדיקע, סופיקע,
פאַרגעס איך די זעונג, וואָס מײַנע אויגן האָבן געזען,
און איך פאַל צו צו דער ערד ווי צו אַ בלינדער פאַרוויסטעניש,
און איך זאָג:
צערונען זענען מײַנע סופיקע טעג.
און אַז איך זאָג נאָר אַרויס דאָס וואָרט – ווערט מיר גוט,
ווײַל רויקער פון מיר אַליין איז דער קאַלטער קלאַנג פון וואָרט,
און קעלטער פונם קלאַנג פון וואָרט איז דאָס פּנים פון גאָרנישט,
און רויקער פון מיר אַליין איז דאָס אָנקומען פון אונטערגאַנג...
און אַז פאַר מײַנע אויגן גיט ווידער אַ בליץ
די זעונג פון די אונטערשטע טיפענישן,
און אַז דער דיקער שיכט ערד, וואָס טיילט מיך אָפּ
פון די אונטערשטע טיפענישן,
צעשפּאַלט זיך און עפנט פאַנאַנדער זײַנע אָרעמס
און רופט, און רופט – זאָג איך:
– נישטאָ נאָך די טרעגער, וואָס דאַרפן קומען מיך איבערטראָגן,
נישטאָ נאָך.
נישטאָ נאָך.
נישטאָ נאָך.

# גרייט אָן העק...

גרייט אָן העק און גרייט אָן לאָמען,
בּרודער, בּרודער;
אין דעם האַרץ פון אונזער נאָמען
וואַרף די העק און וואַרף די לאָמען;
אַז דער נאָמען איז שוין טויט,
קלאַנג — צעשאָטן און צעווייט, —
נעם צוריק די העק און לאָמען,
בּרודער, בּרודער.

צו דעם שוואַרצן וואַלד פון וו ע ר ט ע ר
לאָז זיך, בּרודער, —
יאַ בּאַשערטער, נישט בּאַשערטער —
שנייד דעם האַלז פון אַ ל ע וו ע ר ט ע ר;
ווערטער האָבּן העלזער, קעפּ,
ווערטער האָבּן בּריסט און צעפּ,
בּלוט-צעזאָדענע אין שטראָמען, —
אין דער רויטקייט פון די שטראָמען
פאַרבּ די העק און פאַרבּ די לאָמען,
בּרודער, בּרודער.

אויבּ דו קאָנסט קיין לייבּער שענדן —
שענד כאָטש וו ע ר ט ע ר:
ווערטער האָבּן היפּטן, לענדן,
שענד און פּייניק, בּיז פון שענדן
וועסטו פאַלן שטיל און מיד;
ווען ליגן שטיל און מיד,
זייט בּיי זייט מיט אונזער נאָמען,
מידע העק און מידע לאָמען,
בּרודער, בּרודער...

## דער טויטער שומר

שורות קיינעמסדיקע ביימער
אין דער וויסט אַריינגעזויגן;
ביי דעם שטאַרבנדיקן שומר
ברענען אויף די בלינדע אויגן:

אין גאַלאָפּ איז דורכגעפלויגן
אויף אַ רויטן פערד אַ רייטער;
יאָגן נאָך די בלינדע אויגן
נאָך דעם רייטער ווייטער, ווייטער.

יאָגן נאָך די בלינדע אויגן,
ביז זיי ווערן אויסגערונען,
אין דער וויסט אַריינגעזויגן
און מיט דאָרן-וועב פאַרשפונען.

דורך די קיינעמסדיקע ביימער,
נישט צו זען און נישט צו הערן,
שלעפּט זיך אום דער טויטער שומר
מיט צוויי לעכער אין זיין שטערן...

# הענט אין דער לופטן

הענט אין דער לופטן און איך — אויף די הענט
העכער, און העכער, און העכער...
פייערן טאַנצן אויף דעכער,
פייערן טאַנצן אין שאָטנס פון ווענט,
פייערן טאַנצן אַריבער די הענט
העכער, און העכער, און העכער...

אויגן — צעשטאָכן אין בלוטיקן שיין,
קוקן, און קוקן, און קוקן...
פייערן לעשן זיך, צוקן,
אויגן פאַרגראָבן אין שאָטנס זיך איין,
און דורכן רויך פון פאַרלאָשענעם שיין
קוקן זיי, קוקן און קוקן...

הענט אין דער לופטן, און הענט ווערן אויך
מידער און מידער און מידער...
איך, מיט פאַרשטאַרבענע גלידער,
אָטעם דעם לעצטן פאַרבליבענעם רויך,
זינק פון מיין טויטער דערהויבענער הויך
נידער, און נידער, און נידער...

## צלמים

אַ מעסער אין האַנט — און די לופּט איז צעשניטן.
אַ שניט אין דער לענג און אַ שניט אין דער ברייט...
(דער ווייסער געזילבערטער שניי איז נאָך רויט.)

צוויי שטאַנגען מיט נעגל צוזאַמענגעקלאַפּטע,
און שטענגעלעך, פּאַרטוכלעך הענגען אויף זיי...
(נאָך רויט איז דער ווייסער געזילבערטער שניי.)

איך האָב נישט קיין ווייב און איך האָב נישט קיין קינדער,
פון לאַנג שוין, אַז איך האָב פאַרגעסן אָן זיי...
(נאָך רויט איז דער ווייסער געזילבערטער שניי.)

און אָט איך אַליין — ווי אַ הילצערנער צלם:
מיין גוף אין דער לענג, מיינע הענט אין דער ברייט...
(דער ווייסער געזילבערטער שניי איז נאָך רויט.)

## דרעמלענדער ייִנגעלע

דרעמלענדער ייִנגעלע,
ייִנגעלע מייַן,
קוק נישט צו מיר
אין די אויגן אַריין.

טיפער און טיפער
אין שלאָף גראָב זיך איין,
דרעמלענדער ייִנגעלע,
ייִנגעלע מייַן.

איך בין געשטאָרבן
און זע דורכן טויט:
דו — גאָר מייַן ערשטער,
דער לעצטער פאַרגייט.

ביסטו פאַרמשפט
דער לעצטער צו זיין?
דרעמלענדער ייִנגעלע,
ייִנגעלע מייַן.

הערסטו געבעטן
און ביטער געוויין,
ווייס, אַז דאָס וויין איך,
דאָס וויין איך אַליין.

גראָזן פון קברים
איך קלייב זיי און שפּרייט,

דיר אַ געלעגער
אויף שפּעטער געברייט.

ווען וועסטו קומען
מיט מיר שוין צו זיין,
דרעמלענדער יינגעלע,
יינגעלע מיין. . ?

# די האַנט פון גאָט

די האַנט פון גאָט ליגט ערגעץ־וואו צעשניטן,
די האַנט פון גאָט ליגט ערגעץ־וואו צעהאַקט —
און איך — איך האָב געוואָלט מיין קאָפּ פאַרהיטן, —
איך זיך מיט טיר און טויערן פאַרהאַקט.

ווי שטיקער פון אַ שלאַנג, וואָס וואַרפן זיך באַזונדער,
אַזוי אויך שליידערן זיך אום די שטיקער פון גאָטס האַנט,
און יעדער שליידער עפּנט אויף די לעצטע וואונדער,
צעעפּענען זיי אויך מיין אָפּגעצאמטע וואנט.

איצט טו איך שוין פון קיינעם זיך נישט היטן.
איך רוף דעם מאַן, וואָס זוכט זיין לעצטע רויב;
די האַנט פון גאָט ליגט ערגעץ־וואו צעשניטן,
און איך — ווי שטיקער פון אַ שלאַנג אין בלוט און שטויב...

# בלינדע טומאַנען

שטרענג אָן דיינע אויגן,
פאַרגיכער די שפאַנען,
די ערד איז פאַרצויגן
מיט בלינדע טומאַנען.

און דער, וואָס איז אויבן,
וועט קיינעם פון דאַנען
צו זיך נישט דערהויבן
דורך בלינדע טומאַנען.

און דער, וואָס איז אונטן,
וועט שטיין ווי געשטאַנען,
אַ בלינדער געבונדן
אין בלינדע טומאַנען.

און דער, וואָס דאַרף קומען,
מיט רייטער, געשפאַנען, —
איז לאַנג שוין געקומען
דורך בלינדע טומאַנען.

פאַררייס דיינע אויגן,
פאַרגיכער די שפאַנען,
און פלי אויף די וועגן
פון בלינדע טומאַנען...

## דאָס געוויין פון אַלע הייזער

גלייך — אַריבערטרעטנדיק דעם שוועל, —
אַ וואָרף געטאָן האָט זיך אויף מיר דורך אַלע צימערן
דאָס נישט אַרויסגעזאָגטע, נישט אַרויסגעקלאָגטע
נישט פאַרשטענדלעכע געוויין פון מ אַ ן א ו ן ו ו ײ ב,
דאָס געוויין פון אַ ל ע הייזער...
אַזוי ווי איך וואָלט זיין דער איינציקער געהאָפטער,
וואָס קאָן
געוויינען איינשטילן,
פיינטשאַפט איבערבעטן,
טויט צוריקרופן...
טויזנט הענט אַרומגעקלאַמערט האָבן מיך,
געצויגן מיך פון טיר צו טיר,
געבעטן: קום אַריין, קום אַריין.
און אָט — איך בין שוין אַן אַריינגעקומענער,
איך שטיי שוין אינם זאַל און נויג זיך. —
(זאָל זיך מיר געווען נאָר אויסגעדאַכט,
אַז עמעצער האָט דאָ געוויינט?)
ביידע — ער און זי,
מאַן און ווייב, —
זענען זיי היינט אַנדערע ווי נעכטן?
ער — אין טונקל ברוינעם אַנצוג,
זי — אַן איינגעוויקלטע אין
גרינעם שאַל.

דאַרפן האָבן זיי באַדאַרפט זיך אויפשטעלן,
ווי עס פירט זיך, אַז עס קומט אַריין אַ גאַסט,
אַז עס קומט אַריין אַ גאַסט אין זאַל און נויגט זיך...
ביידע, ער און זי — מאַן און ווייב, —

זיצן, ווי זיי זענען ביז אַהער געזעסן,
זי — אויפן דיוואַן דעם קאָפּ צום פענסטער,
ער — בײם פּיאַנאָ אויפן קײלעכיקן שטולכל,
ברעכט די אויסגעקנאַקטע פינגער.
זאָגן ביידע מיט אַמאָל אַרויס דערשראָקן:
— זיצט.
זאָג איך: ס׳מאַכט נישט, איך בין נישט צוגאַסט געקומען,
און איך זאָג שוין אַ צעטומלטער:
— איך בין פּאַר געשעפט געקומען.
נישט געענדיקט נאָך דאָס לעצטע וואָרט —
פאַרגעס איך זיך אָן אַלץ, צו וואָס איך בין אַהער געקומען,
זעץ זיך אויף אַ שטול און זינק אַריין
אין אַ מאָדנער פאַלנדיקער טיפעניש...
קעגניבער, אויפן וואַנט, פּאָרטרעטן צוויי —
ער און זי — מאַן און ווייב, —
זיין געזיכט געווענדט צו איר געזיכט;
ער — אין העלן קעסטלדיקן אַנצוג,
זי — אַ צוגעדעקטע מיט אַ דורכגעלויכטן שלייער...
שאַרפער נאָך, ווי פריער, בײם אַריינקומען,
יאָגט פון טיר צו טיר דאָס נישט אַרויסגעזאָגטע,
נישט אַרויסגעקלאָגטע, נישט פאַרשטענדלעכע געוויין
פון מאַן און ווייב,
דאָס געוויין פון אַלע הייזער...

אַז איך האַלט שוין ביי דער טיר אַרויסצוגיין,
הער איך נאָך, ווי אַלע זאַכן פונם הויז,
אַלע טישן, שטולן, שראַנקען און דיוואַנען,
און דאָס פּיאַנאָ און דאָס קײלעכדיקע בענקל
קלאָגן אין פאַרצווייפלונג:
— נעם אונז צו פון דאַנען, נעם אונז מיט.
וואַרף אונז ערגעץ אין אַ קעלער וואו אַריין,

שלעפּ אונז ערגעץ אין אַ וואַלד אַוועק,
בעט אַ האַק, צעשפּליטער אונז און צינד אונז אָן,
מאַך פון אונז אַ פייער אויפן גאַס. . .
זעסט נישט — ער און זי, מאַן און ווייב,
זיצן, ווי זיי זענען ביז אַהער געזעסן ;
אויף אונז — דער גאַנצער טרויער,
אין אונז — די שווערע טרערן. . .

אַז איך שטיי שוין אויפן שוועל,
שליידערט זיך נאָך אַלץ דער פּאַרקעט אונטער מיינע פיס,
שליידערט זיך און קלאַמערט זיך און בעט זיך :
— נעם מיך אויך אַוועק פון דאַנען, נעם מיך מיט..

אינם פּאַרק, אויף אַלע צווייגן פון די ביימער,
זיצט דער הערבסט און טרייסלט אָפּ די בלעטער. . .

# טויערן פון הימלען

עפנט זיך אויף פאַר מיר, טויערן פון הימלען,
טויערן פון הימלען, עפנט זיך פאַר מיר;
אַז נישט וועל איך זיך אויסציען אויף אייער שוועל, טויערן פון הימלען.
און עס וועט זיין — איך ווייס נישט, וואָס עס וועט זיין
מיט מיר און מיט אייך, טויערן פון הימלען.

איך בין נישט קיין וואַנדערער, קיין בעטלער,
און נישט קיין צופעליקער גאַסט;
איך בין מיד — אָבער נישט פון וואַנדערן;
איך בין דערנידעריקט — אָבער נישט פון בעטלען;
איך וויל רוען — אָבער נישט פון איינגעמאַטערטקייט;
איך בין נישט קיין פאַרשטויסענער געווען פון אייך, טויערן פון הימלען,
און איך בין פון ערגעץ נישט געקומען צו אייך, טויערן פון הימלען; —
אָט אַזוי, מיטאַמאָל.
אָט אַזוי, ווי איך שטיי לעבן אייך — אָט אַזוי שטיי איך,
נישט קיין אַראָפּגעפאַלענער פון אויבן,
נישט קיין אַרויפגעפלויגענער פון אונטן,
און איך האַלט נישט אין מיינע הענט קיין פעדים
נישט פון מיין פאַרגאַנגענהייט און נישט פון מיין צוקונפט.
אָט אַזוי. מיטאַמאָל.
און אָט אַזוי, מיטאַמאָל.
זאָלט איר זיך עפענען פאַר מיר, טויערן פון הימלען,
און עס זאָל זיין — איך ווייס נישט, וואָס עס זאָל זיין
מיט מיר און מיט אייך, טויערן פון הימלען.

# דער מצורע

גוף פון קרעץ
אויף לײַב און קאָפּ;
דאָס געזעץ
באַפעלט: שייד אָפּ.

דאָס געזעץ
איז אָפּגעהיט. —
מאַן פון קרעץ
באַוואַכט, באַהיט.

מויער־קייט
פון שטיין און דראָט
אויסגעשפרייט
אַ הינטער שטאָט.

קרום און שטום
אין טויטן־נעץ
שפּאַנט אַרום
דער מאַן פון קרעץ.

קאָפּ — אין גלות
פון זונען־פלאַם,
גוף — אין בלוט
אין צײַן פון קאַם.

צײַן פון קאַם
אַראָפּ, צורויף —
שטילט דעם פלאַם
פון טריפן גוף.

נאַכט גייט אויף,
לבנה־שיין
הילט דעם גוף
אין ווייסן איין.

אויפגעריכט
אין טויטן נעץ —
קניט צום ליכט
דער גוף פון קרעץ...

## דורכן שיין פון ערינערונגען

דורכן שיין פון ערינערונגען
קוקן אויף מיר דיינע אויגן;
אַזוי ווי עס בייט זיך דער שיין,
בייטן זיך אויך דיינע אויגן,
און גוט איז, ווען ווערטער, וואָס בענקען
צו ווערן אַרויסגערעדט,
צעקלינגען זיך, לייזן זיך אויף אין די ווינקלען פון מויל
אין ווייסן פאַרפראָרענעם שוים. . .

דער טאָג איז פאַרגאַנגען. דער אָוונט — פאַרגייט,
נישט העלף מיר די נאַרישע ווערטער:
„דער טאָג איז פאַרגאַנגען, דער אָוונט פאַרגייט" —
נישט העלף מיר אַרויסריידן. . .

איך רוף דיך אַרויס צו אַנטפּלעקן זיך
אינעם שיין פון פאַרגאַנגענע טעג;
און דו, ס'אַראַ נאַר דו ביסט,
פאַרוואַרפסט ביידע הענט אויפן אייגענעם קאָפּ,
פאַרוואַרפסט און פאַרברעכסט;
צי ווייסטו נישט, נאַר וואָס דו ביסט,
אַז רואיק דאַרף שטיין דער אַנטפּלעקטער
אינעם שיין פונם פאַרגאַנגענעם;
אַז אָפן — צעעפנט דאַרף זיין דאָס געזיכט,
וואָס שיינט אינעם שיין פונם פאַרגאַנגענעם. . .

איך און דו, און אַלע,
מיר זענען דער אָפּקלאַנג פון ווערטער,
וואָס קאָנען נישט ווערן אַרויסגערעדט.

איך און דו, און אַלע,
מיר זענען דער ווייסער פאַרגליווערטער שוים
פון ווערטער, וואָס שטאַרבן דערשטיקטע
אין קלעם פון די ליפּן...

דער טאָג איז פאַרגאַנגען, דער אָוונט פאַרגייט.
ניִשט העלף מיר די נאַרישע ווערטער:
„דער טאָג איז פאַרגאנגען, דער אָוונט פאַרגייט" —
ניִשט העלף מיר אַרויסריידן...

# איבער די שלאָפּעדיקע אויגן...

איבער די שלאָפּעדיקע אויגן פון אַלע מענטשן, —
פרעמדע מענטשן אין פרעמדע הייזער, —
טראָגט זיך דורך דער באַריר פון מיין האַנט,
פון מיין האַנט, וואָס דעקט צו מיינע אייגענע אויגן. —
אָנגעגליטע פייערדיקע רינגען
קייקלען זיך אין געדריי,
און מיינע אויגן ווערן נישט מיד
פון צו קוקן אויף זיי. . .

איך בין זיך מתקנא אָן דער רואיקייט פון אַלע מענטשן,
אָן דעם ריטמישן אָטעם, וואָס שלאָגט אַרויס פון זייערע הערצער,
אָן דער אידילישער טריישאַפט צו זיי
פון די געמאָסטענע פּינקטלעכע שעהן, —
ווען אויבן איבער זייערע קעפּ,
אָן סדר און אָן אויסרעכענונג,
אין געפּייף און אין געוויין,
קנאַלן צעשאָטענע דונערן, —
פאַרוויסטונג און טויט און פאַרלענדונג. .

זאָל זיין, אַז א י ך האָב עס אָנגעשיקט, אָנגערייצט
דעם געפּייף און געקנאַל,
די פאַרוויסטונג און פאַרלענדונג — דעם כאַאָס,
אויף מיינעם און אַלעמענס קעפּ?

אַמאָל, ווען אַ שאָטן פון רו
צעשפּרייט זיך אויף איבער מיר —
הער איך אַ פליסטער פון אַ מידן, ערשעפּטן, צערודערטן קול:
— געענוג, נישט מער.

רייץ מיך נישט מער אויף זיך אַליין,
אויף זיך און אויף דיר.
נעם אַרונטער ז ײן האַנט פון דיינע אויגן
און פאַרלעש אַלע פייערדיקע רינגען.
די תּאוה פון אומרו — אין דיר,
כאַאָס און טויט און פאַרלענדונג — ביסטו,
איך בין מיד און ערשעפּט און צערודערט פון דיר,
פון דיר — צוליב דיר...

## נישט געזעטיקטע תאוות

נישט געזעטיקטע תאוות ווילן זיך אָנזעטיקן,
אָרעמס ווילן פאַרמאַטערט זיין,
ליפּן זוכן פאַרקלעמונג,
פינגער זוכן פאַרברעכונג,
גרינע פייערן אין די אויגן גרינען זיך נאָך גרינער,
ווי אויגן פון וועלף אויף געפראָרענע פעלדער,
גרינע אויגן אויף געפראָרענע פעלדער.

וואו איז דער, וואָס דאַרף זעטיקן די תאוות ?
פאַרוואָס קומט ער נישט ? פאַרוואָס קומט ער נישט ?
ער האָט צוגעזאָגט, צי ער האָט נישט צוגעזאָגט ? —
ער האָט דאָך צוגעזאָגט, ער האָט דאָך צוגעזאָגט. . .
אָנגעשטרענגטע אויגן — ווי צילנדיקע מעסערס,
אנגעשטרענגטע אויגן שניידן דורך די שויבן,
דורך די שויבן צו אַלע דורכקרייצונגען פון וועגן. —
דער, וואָס דאַרף קומען, פאַרוואָס קומט ער נישט ?
ער האָט דאָך צוגעזאָגט, ער האָט דאָך צוגעזאָגט. . .

פאַרהאַנגען פון צימערן — ווי פאַנאַנדערגעריסענע פליגלען,
ווי פאַנאַנדערגעריסענע פליגלען פון דערקוילעטע פויגלען, -
און דער טאָג איז נאָך ליכטיק, און דער טאָג איז נאָך פריילעך,—
פאַרוואָס פאַרגייט ער נישט ? פאַרוואָס פאַרגייט ער נישט ?
דינע פינגער ציען זיך נאָך דינער,
דינע פינגער פרירן אויף געפראָרענע פעלדער,
ווייסע בעטן ווי געפראָרענע פעלדער,
בלויע פינגער אויף געפראָרענע פעלדער.

## ליד

ווי דער וואַלד איז טונקל
ווילן אויך די שטערן,
וויל אויך די לבנה
טונקל אַזוי ווערן.

מיטננאַכט און שלומער.
לבנהדיקע אויגן
ווערן אָנשטאָט טונקל —
רויטער נאָך פֿאַרצויגן.

לבנהדיקע אויגן
ברענען און פֿאַרצערן,
תּאווהדיק און דורשטיק,
זיך און אַלע שטערן.

בלוטנדיקע ווייסלען
פֿאַלן און באַשפּריצן,
פֿאַלן אויף די ביימערס
שלעפֿערדיקע שפּיצן...

## די אויגן צעעפנטע...

די אויגן, צעעפנטע, קוקן ווייט און ברייט...
און די הענט זענען אויסגעשטרעקט אין דער לענגסטער לענג, —
נאָר דאָס האַרץ איז אָפּגעשטעלט, טויט.

נישטאָ קיין סמנים פון גוואַלט און פון מאָרד, —
אַ שמייכל שוועבט אום אויפן מויל,
און פון מויל—אויף די גרויליקע האָר פון דער באָרד.

די ווענט האָבן עפּעס געהערט, אויף דער דיל,—
געשריי צי געבעט, — זיי געדענקען נישט מער,
ווייל זיי שמייכלען אַליין אין דער שטיל.

און דער שמייכל האַלט אָן סיי טאָג, סיי נאַכט,
שטראָמט אַרויס ווי אַ טייך צו דער אויסערער וועלט,—
כאָטש דאָס מויל איז אויף אייביק פאַרמאַכט.

פון דער אויסערער וועלט קומען מענטשן אַריין
צו לערנען דעם וואונדער, דעם וואונדער פון מויל,
וואָס שפרייט אַזאַ שמייכלענדן שיין.

און פנימער שמייכלען סיי טאָג, סיי נאַכט,
און גייען צוריק צו דער אויסערער וועלט, —
כאָטש די וועלט איז אויף אייביק פאַרמאַכט.

## אַ שפּאַן

אַ שפּאַן —
און אָט בין איך אויף יענער זייט פון אָקעאַן;

אַליין אן איבערראַשטער פון מיין וואונדערלעכן שפּרונג
אַרויסגעמורמלט האָב איך מיט אַ שטאַמלענדיקן צונג:
געבענטשטער...

נאָר ווער האָט עס באַדאַרפט זיין דער געבענטשטער?
צי דער, וואָס איז פאַרשלאָגן אין דער פינסטערניש געלעגן,
און נישט אַרויסגעקומען מיר אַנטקעגן;
צי דער, וואָס איז געשטאַנען אַ באַלויכטענער מיט שטערנליכט,
און זיין באַלויכטנקייט אויך אָפּגעשיינט אויף מיין געזיכט;
צי דער, וואָס האָט זיך – אַ צעשאָטענער אויף שטויב און ביין,—
צונויפגעגלידערט פלוצלינג, אויפגעשטעלט זיך און גענומען גיין,
געגעבן מיטאַמאָל, ווי איך, אַ וואונדערלעכן שפּרונג,
און בייז פאַר זיך געמורמלט מיט אַ שטאַמלענדיקן צונג:
פאַרשאָלטענער?

אַראָפּגעבויגן האָב איך זיך צום אויסגעשפּרייטן זאַמד,
און טיף אין זאַמד געצייכנט מיט די פינגער פון מיין האַנט:
פאַרשאָלטענער,
געבענטשטער.

און נאָכדעם, אַז איך האָב אַליין מיט מיינע אויגן
דערזען דעם טיפן צייכן פון מיין האַנט,
מיט די ליפּן האָב איך זיך צום צייכן צוגעצויגן,
און אַליין צעשאָטן זיך אויף זאַמד אין זאַמד.

## הינטער אַלע פענסטער

הינטער אַלע פענסטער שטיי איך,
אין אַלע שויבן קוק איך אַריין;
וואָס זע איך אין אַלע פענסטער? —
שיין, שיין.

איך וואַרט נישט צו דערהערן קיין שטימען,
איך וואַרט נישט צו דערהערן קיין רייד;
און דערווייל וואַקסט אין מיר זיבנשטראָמיק:
פרייד, פרייד.

אויף מיין פנים פאַרציען זיך גרימאַסן,
מיין פנים פאַרדרייט זיך קרום,
ווען איך דערהער מיטאַמאָל פון אינעווייניק:
קום, קום.

אין יעדן הויז מחנות מענטשן,
צונויפגעדריקטע אין דער ענגשאַפט פון פיר ווענט,
און איבער אַלע קעפ — א וואַלד פון אויסגעשטרעקטע
הענט, הענט.

הענט פאַלן ארונטער מיטאמאָל,
א יאָמער קייקלט זיך פון מויל צו מויל;
און גוף אויף גוף — איין ווערעמדיקער
קנויל, קנויל...

## ל י ד

פאַלן צו פאַלדיקע פליגלען,
פאַלן אַ פאַלד נאָך אַ פאַלד
אויף די פאַרנאַכטיקע שפּיגלען
הינטער דעם גאַכטיקן וואַלד.

וואַרפן פאַרנאַכטיקע שפּיגלען
שאָטנס געשטרייפטע מיט שיין,
פאַנגען דעם וואַלד און פאַרריגלען,
ריגלען אין רינגען אַריין.

ציטער — צו וואָרצלען דורך צווייגן,
ציטער, געפלאַטער, געברום, —
ביז דאָס באַרואיקטע שווייגן
רינגלט די רינגען אַרום.

פאַלן די פאַלדיקע פליגלען,
פאַלן אַ פאַלד נאָך אַ פאַלד,
אויף די פאַרזיגלטע ריגלען
פון דעם פאַרריגלטן וואַלד.

## בונט און פאַרראַט

דער אָנגעצונדענער, רויטער, פאַרוואָרגענער האַלז,
דער דיגינקער האַלז פונם קינד,
ליגט אויסגעשטרעקט, גרייט פאַר אַלע חלפים;
און די מאַמע, די טרייע באַשיצערן, שלאָפט —
בין איך אויפן פלאַץ פון דער טרייער באַשיצערן...

גאַז-לאָמפּן ברענען אין אַלע חדרים,
און אַלץ, וואָס אין שטוב, — ווי עס דאַרף זיין — אין אָרדנונג:
טירן — פאַרשלאָסן, און פענסטער — פאַרהאָנגען,
שטולן און טישן אויף זייערע ערטער:
דאָס אויבערשטע—אויבן, דאָס אונטערשטע—אונטן;
ווייסע פאַפירן, וואָס וואַרטן און בענקען
נאָך שאַרפע, נאָך שפּיציקע קריצן פון פען;
דער קופּערנער, גלאַנציקער אומרו פון זייגער
טענצלט אַהער און טענצלט אַהין.

דאָך זייט אויף דער וואַך, שוואַרצאַפּלען,
זייט אָפן, זייט אָנגעשפּיצט אויערן,
זייט נעגלדיק, פינגער...

אויף יענער זייט נאַכט וועט זיך אָנצינדן באַלד
דאָס פייער פון בונט און פאַרראַט;
פונם פייערס געדערים וועט אַרויסשפּרינגען באַלד
דאָס שטאָלענע ליד פון חלפים...
און אָט איז דאָס פייער פון יענער זייט נאַכט
שוין אָנגעצונדן —
וואָס זעט איר אין אייער וואַכיקייט, שוואַרצאַפּלען?
— מיר זעען,—אַז בעסער וואָלט זיין, ווען גאָר זעען ס׳ נישט —

בונט און פאַרראַט אין דיין אייגענעם הויז;
שלעסער פון טירן, פאָרהאַנגען פון פענסטער —
שותפים צום בונט און פאַרראַט;
גאַז־לאָמפּן וואַרפן פאַרבאָרגענעם ליכט
פון בונט און פאַרראַט;
עס האַמערט דער קופּערנער זייגער סיגנאַלן
פון בונט און פאַרראַט,
עס צייכנט די פּען אויפן ווייסן פּאַפּיר
צייכנס פון בונט און פאַרראַט...

און וואָס פאַר אַ פייערן ברענען אין אייך אַליין, שווארצאַפּלען?
— די אייגענע פייערן, וואָס אויף יענער זייט נאַכט,
בונט און פאַרראַט...

דער אָנגעצונדענער, רויטער, פאַרוואָרגענער האַלז פונם קינד,
נישט באַשיצט, נישט באַהיט, נישט באַוואַכט,
ליגט אויסגעשטרעקט גרייט פאַר אַלע חלפים, —
און די מאַמע, די טרייע באַשיצערן, שלאָפט...

# דאָס טורעמדיקע לעבן

דאָס טורעמדיקע לעבן אין דער טורעמדיקער שטאָט
ברענט אין ווייסע פייערן.
און אויף די גאַסן פון דער יידישער איסט־סייד
ברענט דאָס ווייסקייט פון די פייערן נאָך ווייסער.

איך האָב ליב ארומגיין אין דער ברענענדיקייט פון דער יידישער איסט־סייד,
זיך שפּארן דורך דער ענגשאַפט פון געשטעלן און פון פושקארטס
און אטעמען אין זיך דעם ריח און געזאלצנקייט
פון אן אָנגעהיצטן נאקעט־לעבן.
און אלעמאָל ווען אין דער ווייסקייט וואקסן אויס פאַר מיינע אויגן
יידן בערדיקע, ארומגעהאָנגענע פון קאָפּ ביז פוס
מיט לאַנגע העמדער מיידלשע און ווייבערשע;
און יידן, אָדער יידענעס מיט קראַנקע פייגעלעך,
וואָס קוקן מיט פאַרבענקטע בעטנדיקע אויגן
אייף א קונה צו דערלאַנגען אים א מזל־קוויטל;
און יידן אויף צוויי־רעדערדיקע שטופּ־וועגעלעך,
בלינדע קאליקעס, וואָס זיצן טיף ארייננגעזונקען אין די אקסלען
און זעען מיט די אַקסלען דעם קאָליר און גרויס
פון אן ארייננגעוואָרפענער נדבה, —
דאמאָלסט וועקט זיך אויף אין מיר א בענקשאַפט א באהאלטענע,
א בענקשאַפט נאָך פון ייגגלשדיקע יאָרן,
צו מגולגל ווערן אינם הינקענדיקן בעטלער,
וואָס פלעגט ארומשפרינגען פון גאס צו גאס אין אונזער שטעטל,
און קלאפּן מיט זיין קוליע איבער טראָטוארן, שוועלן...
ווער ווייסט, צי זיצט נישט אָפטמאָל אויפן שטופּוועגל, וואָס מיינע אויגן זעען,
דער זעלבער בעטלער פון מיין יינגלשדיקער בענקשאפט,
און זעט דורך בלינדע הייטלעך מיין פאַרוואונדערונג? —

דעמאָלט איז די וועלט געווען נישט טורעמדיק,
אָבער ווייס איז זי געווען אַזוי ווי איצט,
פייערדיק און ווייס ווי איצט...

איך גיי אום שעהנווייז אין די גאַסן פון דער יידישער איסט-סייד,
און מאָל פאַר מיינע אויגן אין דער פייערדיקער ווייסקייט
טויערן פאַנטאַסטישע, קאַלאַנען אויסגעשטרעקטע,
וואָס הויבן זיך פון איבער אַלע צוגעפאַלענע געשטעלן,
אַרויפצו צו די ווייטע אויסגעליידיקטע פוסטע הימלען.
טויערן, וואָס איבער אַלע זייערע געזימסן
הענגען אָנגעגליטע, פונקענדיקע שילדן מיט דער אויפשריפט:
דאָ וואוינט דאָס יידישע פאָלק...

דאָס טורעמדיקע לעבן אין דער טורעמדיקער שטאָט
פאַרגייט אין געל-גרויע שאָטנס,
און אויף די גאַסן פון דער יידישער איסט-סייד
קומט אָן דאָס געלע גרויקייט געלער-גרויער נאָך;
עס שפּאַנען טראָט ביי טראָט די יידן
מיט די לאַנגע העמדער, מיידלשע און ווייבערשע,
און ווערן ערגעץ נעלם אויף אַ ראָג;
עס טראָגט די יידענע דאָס שטייגל מיטן קראַנקן פויגל,
און פול איז נאָך דאָס שאַכטל מיט מזלות...
און אָט פאָרט אויך אַהיים די בלינדע קאַליקע
דורך גאַסן אָפּגעליידיקטע פון פושקאַרטס און געשטעלן...
מיין בענקשאַפט וואַקסט אין מיר. איך לאָז זיך גיין
נאָך די האַרטע אויפגעשפּיצטע אַקסלען פונם קאַליקע.
מיך לאָקט דער צוגאַנג, דער אַריינגאַנג פון זיין נעסט.
ביז וואַנען, פּלוצלינג, איך דערפיל אַ שניידנדיקן קוק אויף זיך,
אַ קוק פון אַ צעעפנט אויג, וואָס זיצט אין מיטן פּלייצע...

שטיל. האַלבע נאַכט.
אַמאָל איז די וועלט נישט געווען אַזוי טורעמדיק,
אָבער פינסטער איז זי געווען אַזוי ווי איצט,
פינסטער און האַלבנאַכטיק אַזוי ווי איצט.

און אין דער פינסטערניש וואַקסן אויס אויף אַן אמת די טויערן,
וואָס זענען אינם ווייסן פלאַם פון טאָג געווען נאָר אַ חלום;
זיי אַנטפּלעקן זיך אין זייער גאַנצער גרויס און קייל־כדיקייט,
רינגלען אַרום און פאַרצאַמען און פאַרשליסן אַלע ראָגן
ווי דיקע טויערן פון פעסטונגען.
טויערן, וואָס איבער אַלע זייערע געזימסן
הענגען רויטע וואָרנענדיקע אויפשריפטן:
דאָ שלאָפט דאָס יידישע פאָלק...

שטיל. האַלבע נאַכט.
עס וויינט אין מיר מיין בענקשאַפט פון די יינגלשדיקע יאָרן...

מיד.

גאָרנישט האָט פּאַסירט און גאָרנישט האָט געטראָפן;
אָט אַזוי אַראָפּגעזעצט זיך אויפן ערשטן שטיין,
ווי איינער וואָס האָט נאַכט נאָך נאַכט שוין נישט געשלאָפן, —
מיד.

אָפּגעדעקטע וואָרצלען טאַרטשען פון דער ערד אַרויס
מיד,
צו די אָפּגעדעקטע וואָרצלען לאָז איך זיך צראָפּ,
מיד.

שוואַרצע שטיינדלעך ליגן אויף דער ערד,
און דאָס רעגן-וואַסער שלעפט זיך איבער זיי
מיד;
רעדער פון אַ וואָגן, הער איך, קייקלען זיך און קלאַפּן
מיד
און עס ברעכן זיך די קנעכלעך פונם פערד
מיד.

עפּעס טענהט אינווייניק אין מיר א קול
מיד:
„קאַטאַסטראָפן, קאַטאַסטראָפן — און די וועלט איז פול מיט זיי,
קאַטאַסטראָפן וועלן קומען נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל,
ווער בלייבט זיצן אין דער מיט פון קאַטאַסטראָפן אָט אַזוי
מיד? . . .“

דעק איך אָפּ מיין פּנים און פאַרדעק צוריק, —

גאָט אַליין, דער האַר פון קאַטאַסטראָפן, האָט מיט שטייפע שטריק
שוין דאָס פערד דערשלאָגן, איצט איז גאָט אַליין פון שלאָגן
מיד...

קראַנקע, איינגעגעסענע און צאָרנדיקע פליגן
פליזען, קריכן אום און פאַלן אויף דער נאַסער ערד
מיד;
און די רעדער פונם וואָגן אויסגעדרייטע ליגן,
און עס ברעכן זיך נישט מער די קנעכלעך פונם פערד
מיד...

# פ ע ר ז ן

## א

עס וואַרט אויף מיר מיין פּלאַץ אין ערגעץ אויף אַ בוידעם,
מיין פּלאַץ — אַן אָנגעגרייטצער שטח פון פיר איילן ;
מיט בענקענדיקע אויגן חלומען די בוידעמדיקע שדים,
מיט בענקענדיקע אויגן היטן זיי מיין שטח פון פיר איילן.

געטרייע שכנים זענען מיר די בוידעמדיקע שדים,
אין זייער אומעטיקן האַרץ האָט נאָך ביז היינט זיך נישט פאַרלאָשן
די טונקעלע ערינערונג, ווען איך בין אויפן בוידעם
אַן אייביקער געלעגן, אַ געליימטער און אָן לשון.

זיי פּרוּוון ווען דורך בענקשאַפט אויפצוּוועקן אין זכּרון
דעם קול, וואָס האָט באַפעלן מיך פון זיי צו שיידן ;
נאָר ווער זאָל קאָנען דורכן האַלז פון טויטע יאָרן
אַרויסרופן אַ קול אַ צווייטן מאָל צו ריידן ?

פאַרכאַפּן זיי זיך גלייך צוריק און זאָגן : „ברידער,
„פאַרפאַלן, ווייל דאָס אָפּגעטאָנענע איז שוין געטאָן געוואָרן ;
„נאָר אונזער האָפענונג, צו זען זיך מיט אים ווידער,
„לעבט אויף נאָך ליכטיקער אין אונז דורך טויטע יאָרן. . .

„און גאָרנישט ווייט איז שוין דער טאָג, ווען אונזער שכן
„וועט קומען און צוריק זיין פּלאַץ פאַרנעמען ;
„די האַנט, וואָס פירט אים, איז שוין לאַנג אַליין פאַרבראָכן,
„און ווייט מיט פינסטערניש אויף זיינע מידע אויגן. . .

„צעזעצט זיך אין אַ ראָד אַרום דעם שטח פון פיר איילן,
„פאַראַן נאָך טרייסט א ביסל אויך פאַר בוידעמדיקע שדים ;
„פאַראַן נאָך פרייד - צו הערן פון זיין מויל דערציילן
„די מעשה פון זיין בענקעניש נאָך אונזער בוידעם. . ."

ב

איבער אַלעמענס קעפּ הענגט אַן אָנגעגליטער הימל,
שטערן גייען אויף און שיינען מיט אַ רויטלעך־וואַסערדיק געזיכט,
מענטשן פאַלן צו צום נאָפּל פון דער מאַמע־ערד אין וויסטן דרימל
צו באַהאַלטן זייער פּנים פונם רויטלעך־וואַסערדיקן ליכט.

אויסגעבערנט איז אָבער אויך דער נאָפּל פון דער מאַמע־ערד, שוין אויסגעזויגט און טרוקן,
מענטשן אָטעמען דעם שטויב פון טרוקנקייט און שלאָפן איין ;
אַז די מיטנאַכט קומט אָן, דערוויסט זי אַלעמען שוין אויסגעצויגן אויפן רוקן,
מיט די פּנימער אַרויף צום רויטן וואַסערדיקן שיין.

און דער רויטער וואַסערדיקער שיין ווערט וואַסערדיקער נאָך און רויטער,
פון אַלע זיבן הויכן נידערט ער אַראָפּ, אַראָפּ ;
מענטשן ליגן אָרעם און פאַרלאָזן אויף אַן אויסגעזויגטער ערד. אַ טויטער,
מיט אַ רויטן אָנגעגליטן וואַסערדיקן קאָפּ. . .

## ג

אַ טויטער גוף אויף מיינע אַקסלען ליגט פאַרוואָרפן,
און נישט איך קאָן קיין שטוב און נישט איך קאָן קיין גרוב פאַר אים געפינען;
ווייל דער, וואָס האָט אויף מיר דעם טויטן גוף אַרויפגעוואָרפן,
האָט קוים אַרויסגערעדט איין איינציק וואָרט: „אַנטרינען"...

אַנטלויפן מיטן טויטן גוף — אַזוי האָב איך פאַרשטאַנען.
וואוהין? צו וואָס? — אויף דעם איז מיר קיין וואונק געגעבן;
איז חלום איך אַליין, אַז ערגעץ איז אַ לאַנד פאַראַנען,
וואו טויטע וועלן אויפוואַכן צוריק צום צווייטן לעבן.

מיין חלום וויגט זיך אויף די זיילן שטויב פון אַלע וועגן,
מיין חלום דרייט זיך אין געדריי מיט אַלע פאַלנדיקע בלעטער;
און וואָס איך זע דורך מיין געלויף, און וועמען איך באַגעגן,
פאַרבאָרג איך און באַהאַלט אין איילעניש אויף שפּעטער, שפּעטער.

דער טויטער גוף פאַרוואַרפט מיט זיינע ביידע עלנבויגן
און קלאַמערט איין מיין האַלז אין צוויי געפּאַסטע רייפן;
אַ סטאַנץ פון פייערדיקע רינגען ווערט דאָס שוואַרצאַפּל פון מיינע אויגן,
און מיינע פיס — נאָך פייערדיקער, טאַנצנדיקער לויפן.

דער טויטער גוף פון איבער מיינע אַקסלען הענגט אַרונטער,
נישטאָ קיין שטוב אין ערגעץ נישט, קיין גרוב דאַנעבן; —
איז גוט אַזוי, ווייל איבער מיר אַלץ פאַרביקער און בונטער
גייט אויף מיין חלום פונם לאַנד פון צווייטן לעבן...

# פערזן

ד

אין מיטן העלן טאָג — אַ שוואַרצער טויער,
נישטאָ קיין שלאָס צו עפענען, נישטאָ קיין וועכטער;
און דורך דער טויטער שטילקייט פון אַרום פאַרנעמט מיין אויער
פון ווייטע רוימען אַ צעשאָטענעם געלעכטער.

איך ווייס, דאָס לאַכט מען אָפּ פון מיר און פון מיין גלויבן
דער טויער צוליב מיר אַליין זאָל זיך צעאַנאַנדערפּראַלן,
עס זאָל געגעבן ווערן פאַר דער צייט דער וואונק פון אויבן,
דער וואונק צו ברענגען מיך צום קוואַל פון אַלע קוואַלן.

נאָר איך דערזע דעם וואונק פון אויבן, און מיין אויער
דערהערט אַ שאָרך, וואָס שטילט איין דאָס געלעכטער;
אַ פאַרהאַנג הייבט זיך אויף און—זע: איך בין אַליין דער טויער,
און זע: איך בין אַליין דער שלאָס, אַליין דער וועכטער...

און נאַקעט שטיי איך ביי דעם קוואַל פון אַלע קוואַלן,
און ס'שפּילט אויף מיר די פאַרב פון אַלע פאַרבן;
עס בענקט אַ יעדעס גליד אין מיר נאָך אויפלייזונג, צעפאַלונג,
צו זאָגן ודוי פאַר דער גאַנצער וועלט ווי פאַרן שטאַרבן...

# פ ע ר ז ן

## ה

ווײַסע שטערן פֿאַלן, פֿאַלן און פֿאַרגלעטן
אַלע קנײַטשן פֿון דער מויטער און פֿאַרהאַרטעוועטער ערד;
קומט די צײַט פֿאַר אָפּרו און פֿאַר קלאַנגלאָזע געבעטן,
קלאַנגלאָזע געבעטן צו דערהערן, און אַלײן אויך זײַן דערהערט.

אין געוועב פֿון ווײַסע שטערן זיך אַלײן פֿאַרוועבן,
כּאַלן, פֿאַלן אַ צעזײַטער, אַ צעשפּרײַטער — שטויב פֿון שטויב;
דאָ — פֿאַרגײן, און דאָרטן — אויפֿגײן צו דעם צווייטן, צו דעם דריטן לעבן,
שטיל דאָס ודוי־ליד, און שטילער נאָך — פֿון אויפֿגײן דאָס געלויב.

אָפּגעטאָנענע פֿון דער וועלט טראָגן זיך די זעוגען פֿון מײַנע אויגן,
צלעמענס געבעטן און אויך מײַנע זענען שוין דערהערט;
וועט זיך אויך מײַן גוף באַלד אָפּטאָן פֿון צו ליגן אויסגעצויגן
אויף דעם אויסגעגלײַכטן, ווײַסן און פֿאַרהאַרטעוועטן פּנים פֿון דער ערד...

# פ ע ר ז ן

## ו

דאָס ליד פון ליכטיקן באַוואוסטזיין זינגען אַלע מיינע גלידער,
מיין חלום פון פאַרנייגונג, פון פאַרבויגונג זעט אַ רמז פון באַשייד;
פון אַלע הויכן נידער איך אַרונטער, פאַל אַלץ נידער, נידער
און צייכן פייער־רויטע צייכנס פון מיין אויפגעוועקטער, אויפגעשטראָמטער פרייד.

עפּעס מאָדנע אויסגעשרייען הער איך נאָך אַ הינטער זיך, אַ פייפעריי, אַ קנאַלן,
און טעמפּע טויבע קלעפּ, ווי קלעפּ פון לאָמען און פון העק:
נאָר אַז איך האָב שוין אָנפאַרטרויט זיך צו דער מאַכט פון נידערונג, פון פאַלן,
פאַל איך צו נאָך דאָרשטיקער צו אַלע קוואַלן פון יסורים און פון שרעק.

און ווען איך עפן אויף די אויגן און דערזע זיך ליגן אַ געקלעמטן,
אַן אָפּגעטיילטן, צוגעדעקטן, מיט אַן אָפן פנים צו דער גאַנצער וועלט, —
דערשפּיר איך ווי עס רויטלען זיך די באַקן מיינע מיטן רויט פון אַ פאַרשעמטן,
ביז דאָס רויט ברענט איבער און פאַרציט זיך מיט אַ קעלט.

דאָס קעלט אויף מיין געזיכט נאַרט אָפּ דאָס פרעמדע אויג צו מיינען,
אַז איך געהער שוין נישט דער וועלט; דאָס פרעמדע אויג גלאָנצט אויף, —
און אַז דאָס פרעמדע אויג פאַרטונקלט זיך, רייסט איבער דער באַקלאָגער
אויך זיין וויינען,
און קיינער זעט שוין נישט דאָס ליכטיקייט, וואָס שטראָמט דורך אַלע גלידער
פון מיין גוף.

מיט אַן אויסגעשטרעקטן קאָפּ צום הימל הייב איך זיך אַרויס פון אונטער
דעם באַפאַלנדיקן וואָרעם,
טרייסל אָפּ פון זיך דעם ריח פון די אָנגעקלעפּטע שטיקער רויען ליים,
און היצער פון מיין קאָפּ אַריבער שטרעקט זיך צו דער הויך מיין ווייסער אָרעם,
און שפּרייט זיין ווייסע ליכטיקייט אויף מענטש און חיה, גראָז און בוים...

# פ ע ר ז ן

ז

מיינע קינדער, מיינע צוקונפטיקע קינדער,
שפרינגען אויף פון זייער שלאָף מיט אויפגעבליצטע אויגן, —
צו דעם איינגעוויגטן האַרץ פון מיינע צוקונפטיקע קינדער
איז מיין פאָטערלעכער אָפּגעריסענער געשריי דערפלויגן.

איך געדענק שוין גאָרנישט, גאָרנישט, אַלץ איז אָפּגעמעקט פון מיין זכרון,
וואָס אַזוינס האָב איך, דער טאַטע, אין דער מיטן נאַכט געשריגן,
אַז דער אָפּהילך פון מיין קול זאָל דורכשניידן די וואַנט פון יאָרן
און צו מיינע קינדער, די נאָך נישט געבוירענע, דערפליען.

אָבער איינמאָל אויסגעשריען, אָדער אויסגערופן — איז פאַרפאַלן,
האָבן אַלע מיינע צוקונפטיקע קינדער זיך צונויפגענומען,
און נאָך איידער עס האָט צייט געהאַט דער הימל פון באַגינען אויפצושטראַלן,
זענען זיי דורך טיר און פענסטער אין מיין הויז אַריינגעקומען.

הויכע, זע איך, זענען זיי, די קינדער מיינע, ריזן, —
אַקסלען — אויסגעברייטע פעלזן, איינגעפּאַסט אין קיילעכדיקע ביינער;
אַז זיי הויבן אויף אַ האַנט — צעשפּרייטן זיך צען אויסגעשטרעקטע שפּיזן,
אַז זיי עפענען די ליפּן — לויכטן אויף צוויי רייען בלענדנדיקע ציינער.

זענען זיי אַריינגעקומען, זיך אַרומגעקוקט און שטיין געבליבן: —
טיר און פענסטער זענען אויפגעפּראַלט, אַרויסגעריסן פון די שלעסער,
נישט קיין מעבל, נישט קיין כלים, און די ווענט — מיט מאָדנעם פינגער־כּתב
פאַרשריבן,
אויפן דיל אַ דורכגעגעסענער פון ראָסט צעקאַרבטער קלינגל פון אַ מעסער...

און דאָס פייער ברענט אָן אויסגעצויגענער, פאַרגליווערטער, אָן אויפגעשפּיצטער,
און דער שיין פון אים אַ רויטלעכער, אַ דורכגעלעכערטער, אַ דורכגעפלעקטער;
דאָ, וואו ס'איז אַ בעט געשטאַנען, שטייט אַ קאַסטן אַ פּירקאַנטיקער, אָן אָפּגעניצטער,
האַלב אַ צוגעדעקטער מיט אַ בלימלדיקן לײַלעך, האַלב אָן אָפּגעדעקטער...

שטייען מײַנע צוקונפטיקע קינדער, און איך זע: אויף זייער פּנים
הויבן אָן זיך אויסצולייגן קנייטשן, טיפער, לענגער ביז אַריבער ביידע שלייפן,
און די ליפּן נעמען זיך פאַרבײַסן, קרימען מיט פאַרקרימעניש פון שונאים,
און די אויגן צינדן זיך אין שווינדלענדיקע, פלאַמענדיקע רייפן.

ביז די אויגן זייערע דערזעען מיך אַ צוגעפאַלענעם צום קאַסטן, —
לייזט זיך אויף דאָס קרימעניש פון זייער פּנים אין אַ כליפּענדיקן וויינען,
און זיי זאָגן: בעסער אויפן מיטן ים זיך אומטרייבן אָן זעגלען און אָן מאַסטן,
איידער אין אַזאַ געמיינעם הויז צו קומען זיך באַזעצן וואוינען...

אין מײַן האַרצן טראָג איך שוין פון לאַנג מײַן שולדיקייט באַהאַלטן,
און געוואוסט האָב איך, אַז קומען וועט און מוז די שעה פון משפּטן און שטראָפן—
דאָך האָב איך געהאָפט: דאָס וואָרט פון גזר וועט זיך אַליין פאַרהאַלטן,
נישט אַרויסגעשפּראָכן ווערן צאָרנדיק אַזוי און אָפן.

און איך שטעל זיך אויף פון קאַסטן, הויב זיך אָן פאַרענטפערן און רעדן,
שטאַמל, שטאַמל עפּעס מאָדנע אָפּגעהאַקטע ווערטער, ווי פון פיבער:
—„חורבן איבער חורבן,—זאָג איך—זעלן מיר זיך קיינמאָל שוין נישט שיידן...
שיידן—ווער וועט שיידן, אַז דער חורבן איז שוין לאַנג פאַריבער, איבער...

„פלייצעס האָט איר אײַזערנע צו קאָנען טראָגן שווערע לאַסטן...
איך בין אויך אויף אַלעם פאַרטיקן געקומען,—אפשר איז אַזוי נאָך בעסער, בעסער...
אַז עס שטייט אַ שוואַרצער קאַסטן—דאַרף מסתמא שטיין אַ שוואַרצער קאַסטן,
אַז עס זשאַווערט דאָ אַ מעסער — דאַרף מסתמא זשאַווערן אַ מעסער...

„פינגער-פלעקן אויף די ווענט — נישט איך האָב זיי געשריבן...
בלוט איז דאָ געווען פאַרגאָסן — נו, וועט נאָך זיך גיסן, — —

טירן פעלן אויף די שרויפן — אָבער שרויפן זענען דאָך געבליבן,
און דער בלימלדיקער ליילעך אויפן קאַסטן איז דאָך גאַנץ, דאָך נישט צעריסן...

„וואָס־זשע קאָנט איר נישט פאַרגעבן אייער טאַטן, מיינע קינדער?
וואָס־זשע קאָנט איר נישט באַגעגענען דעם טאַטן מיט אַ שמייכל? —
איך בין אויך, ווי איר, געקומען אינם מיטן פון געפלינדער,
אינם מיטן און אין אָנהויב און אין אויסלאָז — און בין מוחל...״

מיט אַמאָל איך גיב אַ קוק — נישטאָ מער מיינע צוקונפטיקע קינדער,
שפרינג איך אויף און לאָז זיך לויפן אָן אַן אָטעם זיי דעריאָגן;
איבער גריבער, איבער טויטע בערג פון מענטשן און פון רינדער
לויף איך און דעריאָג נישט, — ביז די שעה פון אָנהויב טאָג הויבט אָן צו שלאָגן.

דאַמאָלסט עפענען זיך אויף פאַר מיר די טויערן פון באַלויכטענע טומאַנען,
און איך פאַל צו מיט די ליפן צו די שטיינדלעך, צו דעם שטויב פון אַלע וועגן;
עפּעס הויב איך אָן פאַרשטיין אַזוינס, וואָס פריער האָב איך נישט פאַרשטאַנען
אין דעם קיילעכדיקן פּנים פון דער זון, וואָס נעגנטערט זיך צו מיר אַנטקעגן.

אַלע עקן פון דער וועלט, דערזע איך, ווי זיי גייען זיך צוזאַמען.
איך בין ווידער ביי אַן אָנהויב, ביי אַ מיטן, ביי אַ סוף פון אַ געפלינדער, —
אַ געפלינדער, אַ געפלאַקער פון פאַרטאָגעדיקע קיילעכדיקע פלאַמען,
וואָס עס צינדן פּוז באַליידיקונג און צאָרן מיינע צוקונפטיקע קינדער...

## דאָס איז אונזער הויז...

דאָס איז אונזער הויז,
אונזער אייגן הויז אויף זיבן ריגלען,
וואָס דער ווינט אויף זיינע שטורם-פליגלען
האָט צו אונז פאַרטראָגן אין דער נאַכט.
וואָס האָט נאָך דער שטורם-ווינט פאַר אונז געבראַכט
צוזאַמען מיט די ווענט פון אונזער אייגן הויז?
לאָמיר אויפברעכן די זיבן ריגלען
און אַריין אין אונזער אייגן הויז. —

... האַרץ אונזערס-אייז,
און מיר שווערן:
ליפּן אויך אייז
זאָלן ווערן.

קיינעמס נישט ודוי
דערזאָגן,
קיינעמס נישט גסיסה
באַקלאָגן.

ווינקלען. אין זיי
זיך פאַררוקן. —
קוקן. און מער נישט
ווי קוקן...

זענען מיר שוין אינעווייניק אין אונזער אייגן הויז,
אין אונזער אייגן הויז.
פאַררוקטע אין די ווינקלען שטייען מיר און קוקן,
און וואָס מיר זעען בלייבט אין אונזער אויג פאַרפרוירן.

און מיר קלאָגן נישט, באַקלאָגן נישט, נישט זיך, נישט קיינעם,
ווייל מיר האָבן זיך אַזוי אַליין פאַרשוואַרן...

... אונזער הויז האָט זיבן טירן,
אונזער הויז האָט זיבן שוועלן,
זיבן קעפּ אַראָפּגעהאַקטע
ליגן אויף די זיבן שוועלן...

זענען דאָס די זיבן קעפּ פון אונזער אייגן הויז,
פון אונזער אייגן הויז די זיבן קעפּ? —
איצטער ווייסן מיר שוין און פאַרשטייען אַלע צייכנס,
וואָס מיר האָבן אָנבאַגעגנט פריער אויף די טרעפּ.

... מיר דערמאָנען זיך אַ מעשה
וועגן זיבן קרוינען;
זיבן קעפּ אַראָפּגעהאַקטע
טראָגן זיבן קרוינען...

זענען דאָס די זיבן קרוינען פון אונזער אייגן הויז,
פון אונזער אייגן הויז די זיבן קרוינען? —
ווער האָט אָפּגעהאַקט די זיבן קעפּ פון אונזער הויז
און נישט אַוועקגערויבט די קרוינען?...
אז מיר האָבן זיך פאַרשוואָרן נישט צו וויינען
נישט אויף זיך און נישט אויף קיינעם, —
ווער וועט קומען אונז באַפרייען פון דער שבועה,
אַז מיר זאָלן קאָנען וויינען און באַוויינען
די פאַרבליבענע אומזיסטע זיבן קרוינען
אויף די זיבן אָפּגעהאַקטע קעפּ פון אונזער הויז?..

... אונזער הויז האָט זיבן טירן,
אונזער הויז האָט זיבן שוועלן,
זיבן קעפּ אַראָפּגעהאַקטע
קרוינען זיך אויף זיבן שוועלן...

## ליכטיקע לאָמפּן

ליכטיקע לאָמפּן אין טויטע פאַרלאָזענע שטיבער, —
ווער האָט געצונדן די ליכטיקע לאָמפּן ?
איבער צעטראַמפּלטע פעלדער, פאַרפעסטעטע גריבער,
לויפן אום מענטשן און שרייען אין גאליקן־אנגסטיקן פיבער
איינער דעם צווייטן אַריבער :
ווער האָט געצונדן די ליכטיקע לאָמפּן ?..

איך האָב די ליכטיקע לאָמפּן געצונדן, —
איך האָב די שליסלען פון טויטע פאַרלאָזענע שטיבער ;
איך האָב אין אייביקן בונד זיך געבונדן
צו די נשמות פון גופן, וואָס זענען פון לאַנג שוין פאַרשוואונדן,
צו די נשמות, וואָס קומען אין נאַכטיקע שטונדן
קלאַפּן אין טירן פון טויטע פאַרלאָזענע שטיבער...

שטיינער אויף שטיינער און אייזן אויף אייזן.
אויגן אויף שטיינער און קעפּ אויפן אייזן...
ווער וועט דעם וואונדער באַווייזן
איבערצוטרעטן און איבערצושפּרייזן
איבער די אויגן אויף שטיינער און קעפּ אויפן אייזן, —
קומען און אָנקלאַפּן, קומען און רופן :
— גיי, קלייב צונויף די נשמות פון גופן,
גופן אויף שטיינער און גופן אויף אייזן,
ברענג זיי אין דיינע פאַרלאָזענע שטיבער...

אַלע געשרייען פון מענטשן פאַרגייען —
וועלן פאַרגיין אויך די אַנגסטן־געשרייען ; —
וועל איך זיך לאָזן דעם וואונדער באַווייזן,
איבערצוטרעטן און איבערצושפּרייזן

איבער די אויגן אויף שטיינער און קעפ אויפן אייזן ; —
איך האָב אין אייביקן בונד זיך געבונדן
צו די נשמות פון גופן, וואָס דאַרפן ערשט ווערן פאַרשוואונדן,
אויך צו נשמות, וואָס וויסן נאָך נישט פון די טרייסטפולע שטונדן,
שטונדן, וואָס לויכטן אין ליכט פון די לאָמפן, וואָס איך האָב געצונדן
אין טויטע פאַרלאָזענע שטיבער...

---

„ער"

קומט ער אַריין צו מיר אַ נישטגעריכטער גאַסט,
זעצט זיך אַנידער און זאָגט:
„-- מיט אַלעם פאַרטיקן האָבן זיי מיך באַזאָרגט, —
איז דען נישט מאַנגל מיין אמתער טרוים?
טעמפּלען האָבן זיי אויסגעבויט פאַר מיר, —
איז נישט דער קעלער מיין אמתע היים?
מיין שטערן האָבן זיי מיט דימאַנטן באַצירט, —
איז נישט דער דאָרן מיין אמתער לוין?..."

ענטפער איך און זאָג:
„-- האָסט נישט געוואָלט זיין אויף אייביק פאַרזאָרגט, —
און דאָך האָבן זיי דיך מיט אַלעם באַזאָרגט;
קעלער-אינזעקטן צעפרעסן דיין הויט, —
און דאָך האָבן אַלע דיר טעמפּלען געבויט;
דער דאָרניקער קראַנץ איז דיין אמתער לוין, —
און דאָך איז פון דימענט געשלאָגן דיין קרוין..."

שווייגט ער אַ ווײַלע און זאָגט:
„-- אַז צווישן אַלע פעלקער האָבן זיי מיין כבוד פאַרשפּרייט;
אַז איבער אַלע ימען און אַלע יבשות
האָבן זיי מיין רום צעזייט;
אַז די ליבן פון אַלע חילות דערמאָנען מיין נאָמען מיט פרייד,
און אַלע קניען זיך פאַר מיר און קושן דעם זוים פון מיין קלייד..."

ענטפער איך און זאָג:
„- צווישן אַלע פעלקער האָבן זיי דיין כבוד פאַרשפּרייט —
איז גוט — זאָל זיין אַזוי;
איבער אַלע ימען און אַלע יבשות

האָבן זיי דיין רום צעזייט, —
איז גוט — זאָל זיין אַזוי ;
די ליפּן פון אַלע חילות דערמאָנען דיין נאָמען מיט פרייד,
און אַלע קניען זיך פאַר דיר און קושן דעם זוים פון דיין קלייד, —
איז גוט, — זאָל זיין אַזוי...״

שווייגט ער אַ ווײַלע און זאָגט :
„—אַז די ווייסלען פון מיינע אויגן זענען רויט
פון נישט־שלאָפן, איך ווייס שוין נישט פון ווען ;
אַז וואָס עס איז געשען מיט מיר אמאָל, אַמאָל,
האָט אַנדערש דאָך מסתמא נישט געקאָנט געשען ;
אַז ווען וויל איך נאָר איין זאַך — דעם טעם פון שלאָף פאַרזוכן,
דעם טעם פון שלאָף, און גאָרנישט מער ;
אַז זוכן זוך איך נאָר אַן ערשטן שוועל פאַר אַ צוקאָפּנס,
אַ פרעמדנס שוועל און גאָר נישט מער...״
אויף זיינע ליפּן לויפט דורך אַ היסטערישער שמייכל,
אין זיין אויג שוועבלט אויף אַ צעקריפּלטע האָפנונג,
זיינע פינגער מיט שאַרפע פאַרלאָזענע נעגל
הייבן אָן שטילערהייט קאָנוואולסירן.
ער שטאַרקט זיך און קלאַמערט צוזאַמען די פינגער,
שטרעקט אויס זיין צוזאַמענגעצויגענעם האַלז,
און איך הער ווי ער גאָרגלט אַרונטער
אַ דערוואָרגענעם שלונג...

טראַכט איך פאַר זיך :
וואָס וויל ער פון מיר, —
דער פאַליקער ?..
שווייגט ער אַ ווײַלע און זאָגט :
„— אַז מיין פאָטער — גאָט אין הימל, איז נאָך אַלץ מיין פאָטער,
און מיין מוטער לייקנט אַלץ נאָך אָפּ איר מוטערשאַפט,
און וויל ביז היינט צו טאָג נאָך זיין אַ יונגפרוי...

דו ווייסט נישט ווי עס עקלט מיך די ערינערונג,
ווי זי האָט מיך אַ שטאַרבנדיקן, אַ צעפּייניקטן
געקושט מיט הייסע תּאוהדיקע ליפּן,
אַזוי ווי זי זאָל זיין מיין כּלה, נישט מיין מאַמע. . .
די איין ערינערונג, — ווייל מער גדענק איך גאָרנישט, גאָרנישט.
פון אירע ליפּן דער בּאַריר האָט אַלץ פּאַרמיאוסט,
צעמישט, פּאַרפּינסטערט, אָפּגעמעקט פון מיין זכרון..
ווי קאָן איך איר פאַרגעבן, זאָג, מיין טיפן צער,
וואָס מער ווי איר בּאַריר געדענק איך גאָרנישט ?..
פון דאַמאָלסט אָן קיין איינציק טאָג פאַרגייט נישט
איך זאָל נישט אָפּשלאָגן איר שוועל און בעטן זיך :
„— אויף אַלע גאַסן גיי אַרויס און זיי זיך מודה,
דערצייל פון אַלע ניין חדשים שווערן טראָגן,
פון אַלע ווייען און יסורים ביים געבוירן,
דערמאָן מיין ערשטן אויסגעשריי און ערשטע זויג־טעג,
און ווי דו האָסט ערצויגן מיך און אויסגעהאָדעוועט. —
דערצייל דעם גאַנצן אמת..." ווייסטו וואָס זי ענטפערט ? —
זי ענטפערט גאָרנישט. זיצט אַן איינגעוויקלטע אין שוואַרצן,
מיט בּיידע הענט פאַרצלמט אויפן בּרוסט,
די אויגן צו דער הויך פאַרריסן פרום,
און שמייכלט זיך איר רויִקן מאַדאָנאַ־שמייכל. . .
און גיט זי זיך שוין יאָ אַ ריר פון אָרט
און ווענדט צו מיר דעם בּליק פון אירע אויגן,
איז—ווייסטו וואָס זי טוט ? — זי פאַלט אויף בּיידע קני
און נעמט זיך בּוקן, בּוקן נאָכאַנאַנד צו מיינע פיס,
און קלאַמערט זיך אין מיינע שיך און קושט זיי
און פּליסטערט ווי פון היץ : מיין האַר, מיין האַר, מיין האַר...
דו ווייסט נישט וויפל תּאוה ס'שרייט אַרויס פון איר געפּליסטער ;
מיט אַלע כּחות האַלט איך איין אין זיך די שנאה,
איך זאָל נישט אויפהויבן אַ פוס און מיטן שוך
נישט צוקלאַפּן צום דיל אָט דעם מאַדאָנאַ־קאָפּ. . .—

און זי איז דאָך מיין מאַמע, ווייסטו, נישט ?
און איך בין דאָך אַ זון, איר זון, און נישט קיין האַר!..
איך לאָז זי איבער און אַנטלויף,
און מאָרגן קום איך ווידער,
און יעדער טאָג אַזוי..."
שווייג איך אַ ווײַלע און זאָג:
„— אַז מאָרגן קומסטו ווידער,
און יעדן טאָג אַזוי —
וועט אייביק זיין אַזוי."

ענטפערט ער און זאָגט:
„— אַז אייביק קאָן נישט זיין אַזוי —
ווייל אָפטמאָל טרעפט נאָך עפעס ערגערס.
עס טרעפט, — ווען זי, אַ דורכגעציטערטע פון תאוות,
אַ קניענדיקע ליגט ביי מיינע פיס. —
הויבט אָן אַ שטראָם צו ווירבלען זיך אין מיר,
ווי איינער וואָלט אַ הייסן קאָכיקן שטיק בליי
אַריינגעשליידערט אינם בלוט פון מיינע גלידער;
דער שטראָם קומט צו צום האַלז,
און אויב איך קאָן אים נישט אַרונטערשלינגען גלייך צוריק
ווי ערשט נישט לאַנג — אויב דו האָסט נאָר באַמערקט, —
דאַן גיט מיין גאַנצער גוף אַ שפרונג אין לופטן,
אַ שפרונג, און נאָכדעם גלייך אַ פאַל אַרונטער. —
אַנטלויפן קאָן איך שוין נישט דאַן... דער הייסער שטראָם
האָט שוין זיך דורכגעריסן דורכן האַלז,
אַריינגעכאַפּט דעם צונג, די ציין, און מיט אַמאָל
אין ווייסן קלעפעדיקן שוים צעשלאָגן זיך,
צעזאָדן זיך אויף מיינע ביידע ליפּן...
איך ליג אַן אומגעוואָרפענער מיט אויסגעקערטע אויגן
און אַלץ ווערט טונקעלער און טונקעלער און טונקעלער...
און ווען איך עפן אויף צוריק די אויגן, זע איך:

(אָ, פֿאָטער מיינער, גאָט אין הימל,
אַז מיינע אויגן זענען אַלזעענדיקע,
אַז מיינע אויערן זענען אַלהערנדיקע, —
אָ, פֿאָטער מיינער, — גאָט אין הימל...)
איך ליג אין מיטן דיל אויף אויסגעהעפֿטע קישנס,
געהעפֿט פֿון זייד, פֿון גאָלד און זילבער,
און אין אַ־קרייז אַרום — מיין גוף אין ריזן־לייכטער —
צעפֿלאַקערטע מיט חלב־שפּריצנדיקע ליכט,
און איבער אַלע ליכט אַ רויך פֿון ווייַרויך,
אַזוינע שלענגלדיקע וואָלקנדיקע קנוילן...
פֿון אָנפֿאַנג זע איך גאָרנישט דורכן רויך, און מיט אַמאָל —
אַ ווייסער פֿרויען־קערפּער הויבט זיך אָן אַרויסצוטויילן
פֿון אונטער דינע אַלערליי קאָלירטע שלייערן.
די האָר צעוואָרפֿן איבער ביידע שולטערן.
די אויגן — ברייטע, גלאַנציקע, צעהיצטע,
די ליפּן אָפֿענע, באַטרונקענע, דאָך נישט געזעטיקטע..
זי האַלט אין האַנט אַן אָנגעפּילטן בעכער וויין
אַ סימבאָל פֿון פֿאַרגאָסענע דערלייזער־בלוט...
איך ליג און קוק מיט נייגיר און מיט שטוינונג.
אָט טראָגט זי צו צום מויל דעם בעכער וויין,
און—שלונג נאָך שלונג מיט דאָרשטיקער אַנטציקונג,
דער בעכער איז שוין אויסגעליידיקט ביזן דעק..
אָט שטרעקט זי אויס די הענט, און — ווייסטו וואָס זי טוט? —
זי טאַנצט, זי טאַנצט, זי טאַנצט. —
די פֿרומע אויגן איינגעגעסן אינם ווייַרויך,
די דינע שלייערן, ווי לייכטע פֿעדערן,
צעלאָזן זיך, צעשפּרייטן זיך און דעקן אויף
איר גאַנצע נאַקעטקייט און דעקן ווידער צו...
און אָט ווערט רוישיקער און רוישיקער דער טאַנץ
אין קרייז אַרום די ליכט, אַרום מיין גוף;
אָט פֿאַלט זי צו צום דיל און הויבט זיך אויף,

די הענט אַרומגעקלאַמערט אַרום האַלז,
די האָר, ווי אירע שלייערן, צעבלאָזן זיך אַרויף, אַרויף,
און, ס'דאַכט זיך, נאָך אַ רגע — און איר הייסער אָטעם
וועט אויפפלאַמען, אַרומכאַפּן איר קאָפּ, די האָר,
צוזאַמענקנוילן זיך מיט אַלע קנוילן פונם ווײַרוך...
אָט פאַלן פון איר לײַב אַרונטער אַלע שלייערן,
און זי — אַ נאַקעטע, אַ נאַקעטע, אַ נאַקעטע,
צעלאָזט זיך שטאַרקער אין איר שווינדלענדיקן קאַרעהאָר
און אירע ליפּן שטאַמלען, זינגען, מורמלען, ווערגן זיך:
—„מײַן האַר, מײַן האַר, מײַן האַר!..״
(אָ, פאָטער מײַנער, — גאָט אין הימל,
דאָס ווײַסע לײַב איז מער נישט ווײַס,
דער דינער האַלז איז מער נישט דין,
דאָס הייסע מויל איז מער נישט הייס,
דער רויטער ווײַן איז מער נישט רויט..
אָ, פאָטער מײַנער, — גאָט אין הימל,
די קישנס זענען דאָך פון שטראַלנדיקסטן זייד,
די ליכט — פון בעסטן חלב,
דער רויך — פון לויטער בשמים...)״

זאָג איך אַרויס נאָר איין וואָרט:
— מאָדנע.
כאַפּט ער אונטער און זאָגט:
— „אַז ווערטער זענען מער קיין ווערטער נישט;
פון אָנפאַנג, ג א ר פ ו ן אָ נ פ אַ נ ג איז געווען ד אָ ס ו ו אָ ר ט,
אָבער איצט איז מער דאָס וואָרט קיין וואָרט נישט —
אַ שערבל נאָר,
וואָס מען לייגט אַרויף אויף די אויגן פון אַ בר מנן...
און וועמען לויפט נאָך אַזוי נאָך, ווי מיר,
דער ריח פונם בר מנן?..
און שטעל זיך פאָר, ווען איך פאַרלויף נישט איצט צו דיר,

מיט וואָס עס וואָלט זיך היינט די נאַכט פאַרענדיקט! —
דו זעסט, אָט ליגט אַ האַמער אין מיין בוזעם,
און ווען דער האַמער וואָלט געווען צו לייכט,
אָט האָב איך נאָך אַ מעסער, זעסט...
דו ווייסט נישט, ווי עס לאָקט מיך שוין פון יאָרן לאַנג
דער זיסער פיינלעכער געדאַנק פון מוטער־מאָרד..
נישט איינמאָל האָב איך שוין געהאַלטן אויסגעשטרעקט די האַנט
און גרייט געווען מיט איין באַוועגונג איבערשניידן
איר ווייסן נאַקעטן מאַדאָנאַ־האַלז...
דו ווייסט נישט, אַך דו ווייסט נישט וואָס עס מיינט אַזוינס
צו זיין אַ גאָט פון מענטשן,
צו זיין די פרייד פון בעטנדיקע, קניענדיקע,
צו זיין געטראָגן אין דער הויך אַריבער אַלעמען,
און דאָך פאַר זיך אַליין נישט קאָנען אויספירן, באַפרידיקן
דעם זיסן פיינלעכן געדאַנק פון מוטער־מאָרד. —
און קומען מוז דאָך אַזאַ טאָג,
ער מוז דאָך קומען — און אַ סוף זאָל נעמען..."

זאָג איך גאָרנישט און איך טראַכט נאָר:
דער אויפגעהויבענער אַריבער אַלעמען, דער שטילסטער,
טראָגט נאָך מיט זיך אַ מעסער מיט אַ האַמער
און צערטלט טיף אין זיך אַ מאָרד־געדאַנק.
צום ערשטן מאָל צעלאַכט ער זיך און זאָגט:
„ — איך חזר איבער נאָכאַמאָל,
דו ביסט נאָך קיינמאָל נישט געווען קיין גאָט פון מענטשן,
עס האָבן זיך צו דיר קיין הענט געצויגן,
און אָן דיין שוועל האָט קיינער, אויסער מיר, ווייזט אויס,
נאָך נישט געקלאַפט זיך מיטן שטערן;
דעם ריח און דעם טעם פון בלוט האָסטו נאָך נישט געשפּירט,
אַריבער אָפּגעדעקטע לייבער נישט געשפּאַנט,
און אויסגעשטרעקטע העלזער נישט באַרירט...

ווייזט אויס, אַז איך בּין גאָר דער ערשטער,
וואָס איז געקומען קלאַפּן מיטן שטערן אָן דיין שוועל,
און אויך דער ערשטער צו אַנטפּלעקן פאַר דיין אויג.
דאָס אויסזען פון אַ בּלוט-בּאַנעצטן מעסער,
די שטיקלעך מאַרך פון אַ צעפּלעטן קאָפּ,
וואָס הענגען נאָך אַרונטער פון מיין האַמער. . .
(אָ, פאָטער מיינער — גאָט אין הימל,
דעם מעסער האָב איך נאָך בּיז איצט נישט אָפּגעוואַשן,
דעם האַמער האָב איך נאָך בּיז איצט נישט אָפּגעפּוצט,
דער בּר-מנן איז נאָך בּיז איצט נישט אָפּגעקילט. —
אָ, פאָטער מיינער, — גאָט אין הימל !) —
וואָס שפּרינגסטו אויף, וואָס ציטערסטו, וואָס לויפסטו ?
וואָס שטעלסטו אויס אויף מיר אַזוינע אויגן ?
אַן איינגעהאַלטענער אַזאַ ווי דו, אַזאַ פאַרשלאָסענער,
אַזאַ פאַרשטאַנדיקער און קלוגער מח
זאָל פּלוצלינג זיך אַזוי דערשרעקן, —
פאַרשטיק דיין קויל, זיי שטילער, שטילער...
וואָס דעקסטו צו דעם האַלז מיט דיינע פינגער ?
מיין מעסער איז געשליפן נאָר פאַר אייגענע,
און דו, וואָס בּיסטו מיר ? — אַ פרעמדער. . .
פאַרשטייסטו נישט, אַז ווען איך זאָג דאָס וואָרט : אַ מעסער —
איז שוין דער האַלז פון לאַנג צעשניטן ;
אַז ווען איך זאָג דאָס וואָרט : אַ האַמער, —
איז שוין דער מאַרך פון לאַנג געעפנט ;
און ווען איך זאָג : דאָס וואָרט איז מער קיין וואָרט נישט —
איז שוין דער סוף געקומען... שוין געקומען...

# דאָס קראַנקע צימער

## א

אין אַ קראַנקן צימער וואוינט דער מלך.
אויף די פענסטער — בלינדע שטאָרן,
אויף די טירן — טויבע פאָרהאַנגען ;
פלעקן אַלערליי קאָלירטע
פון פאַרגאַנגענע און ווידער אָנגעוואקסענע בלאטערן
מינען זיך אויף אַלע טעפּיכער, געמעלן פון די ווענט...
אין די ווינקלען, אין קרישטאָלענע געפעסן,
אין געווירצטע פאַרפומירטע וואַסערן,
שווימט אַרום דער אָפּפאַל פון דער ווייסער ערד.
אויפן גלאַנציקן פאַרקעט אין מיטן צימער,
מיט צעשליידערטע, צעשפּרייטע לאַפּעס,
אַ צעשויבערטער, ווי נאָך אַן עפּילעפּסיע-אָנפאַל,
ליגט דער טיגער. . .
אויבן אין דער הויך, אין מיטן פון סופיט,
טויזנט פיס פאַרוואַרפנדיק, פאַרשפּינענדיק,
הענגט און היט געטריי דעם קראַנקן צימער
די געשליפן-פערלמוטערדיקע לוסטרע. . .

אין אַ שטול פאַרקריפּלט זיצט דער מלך,
הענט און פיס געליימטער מלך,
אָנגעטאָן אין אַ פאַרגאַרטלטן כאַלאַט.
פון זיין פנים הענגט אַראָפּ, ביז איבער ביידע קני,
אַ צעצויגענער, אַ גולמדיקער שמייכל.
זיינע אויגן דרעמלען נישט פאַרמאַכטערהייט
מיט דערטרונקענע פאַרפלייצטע שוואַרצאַפּלען ;
זיינע ברעמען, אַז זיי מאַכן זיך ווען צו,

שלעפּן זיי מיט זיך אַרונטער אויף זיין שטערן,
ווי מען שלעפּט אַרונטער אַ צעפּלאַצטן פּאָרהאַנג...

דאַמאָלסט, אַז דער שטערן פאַלט אַרונטער,
קריכן איינציקווייז אַרויס די ווייכע קעפּלעך
פון דעם מלכס נאַכטיקע חלומות.
קריכן איינציקווייז אַרויס די נאַכטיקע חלומות,
שאַרן זיך אַריבער זיינע אַקסלען צו די קני,
פון די קני — אַרונטער צו דער ערד,
און צעלאָזן זיך מיט דינע פיסלעך
טאַנצן אויפן גלאַנציקן פּאַרקעט...

שווייגנדיק, גוטברודעריש, אַ ביסל נייגיריק,
קוקט זיך צו דאָס קראַנקע צימער צו דעם טאַנץ
פון די טופּענדיקע אויפגעלעבטע פיסלעך. —
טול און פלוש צעעפענען די פאַלדן,
טעפּיכער צעלייגן זיך צעפרייטער,
און דער ריח פון קרישטאָלענע געפעסן
קרייזלט זיך און קרייזלט זיך אין האַלבע רינגען;
די צונויפגעהאַקטע ליפּן פונם טיגער
שליסן זיך עטוואָס פאַנאַנדער אין אַ שמייכל,
און אַזוי אויך מיט אַ שמייכל גלאַנצן אויף
אַלע אויגן פון דער שפּינעוודיקער לוסטרע

ב

דאָרט, אויף יענער זייט פון קראַנקן צימער,
איז מכתמא נאַכט, און אפשר — טאָג;
וואָס דעם מלכס ברעמען זענען צוגעמאַכט —
איז נישט קיין באַווייז נאָך, אַז ס'איז נאַכט;
וואָס דעם מלכס ברעמען זענען אויפגעמאַכט —
איז נישט קיין באַווייז נאָך, אַז ס'איז טאָג...

וויפל צייט עס זיצט שוין דאָ דער מלך, —
ווייס נישט ער און קיינער נישט פון לאַנד,
דאָס געדענקט אַפילו נישט דער קאַמערדינער. . .
אַלע פעלקער פון זיין גרויסן קעניגרייך
האָבן קיינמאָל נישט געזען אים אין געזיכט,
נישט אין זיין דערהויבנקייט און נישט אין זיין צעקריפלונג ;
אויך די נאָנטע בעלי־יועצים און די תלמידים
ווערן שוין פון לאַנג נישט צוגעלאָזט צו אים.
נאָר דער איינציקער, דער קאַמערדינער,
האָט די זכיה צו זיין אייביק אויף דער וואַך,
שטיין אַהינטער טיר פון קראַנקן צימער
און זיך אָפרופן אויף יעדן שטאַמל־קלאַנג פון מלך...
גרויסע שררות, מיניסטאָרן, אויך מלכים
פון די שכנותדיקע לענדער און פון ווייטע,
האַלטן אין איין אָנקומען צום פּאַלאַץ, —
און זיי מוזן זיך צוריקקערן אַנטטוישטע
נישט צו אָנקוקן דאָס פּנים פונם מלך. —
נישט קיין גאָלד און נישט קיין טייערע מתנות
קאָנען אונטערקויפן דעם געטרייען דינער
ער זאָל עפּעס וואָס דערציילן און פאַרטרויען ; —
מיט אַ פּנים אַ פאַרשלאָסענעם, אַ קאַלטן,
און מיט הענט, ווי אויסגעשטעקטע שפּיזן,
שטייט ער און ער היט דעם קראַנקן צימער...

אַז מען קריגט שוין יאָ אַרויס אַ וואָרט פונם קאַמערדינער, —
אַז עס קומען אָן די אייגענע, די טרייע אונטערטאַנען,
פילן אָן די הויפן און די פּאַרקן פונם פּאַלאַץ,
אַלע מיט פאַרזאָרגטע פּנימער, פאַרצווייפלטע,
אַלטע לייט און פרויען מיט די קינדער אויף די הענט, —
אַלע נישטערן און זוכן מיט די אויגן
די פאַרדעקטע שויבן פונם קראַנקן צימער ;

אַלע רופן אין איין קול און בעטן:
— גאָרנישט ווילן מיר פון אונזער מלך,
גליקלעך לעבן מיר אין זיינע גרענעצן,
דורכגעלויכטן פון זיין חכמה און זיין ליבשאַפט,
גאָרנישט ווילן מיר, נאָר אָנקוקן זיין פנים,
הערן נאָר איין קלאַנג פון זיינע ליפּן,
צוזען איין באַוועגונג פון זיין האַנט,
זאָל ער זיך באַווייזן אונזער מלך. —
דאַמאָלסט קומט אַרויס דער קאַמערדינער,
און ער זאָגט זיך קאַלט און רויק:
— גייט אַהיים, דער מלך האָט געהייסן.
און אַז אַלע אויגן ברענען אויף פון טרערן,
אין אַז אַלע ליפּן ווערן אויפגעקלעמט פון ווייטאָק,
פאַר פאַרדראָס און פאָרגעפילטן אומגליק,
און אַז אַלע נעמען איילן זיך און רופן:
— קומט מתפלל זיין, מתפלל זיין, מתפלל זיין, —
גייט אַרויס אַ צווייטן מאָל דער קאַמערדינער
און ער זאָגט נאָך רויקער און קעלטער:
— גייט אַהיים, דער מלך וויל אַליין זיין...
אַ באַרויקטער אַביסל, שטילט זיך איין דאָס פאָלק,
ליידיקט אָפּ די פּאַרקן פונם פּאַלאַץ,
קערט זיך אום אַהיים און שטיקט אין זיך
דעם נישט איינגעשטילטן פאָרגעפיל פון אומגליק...

און דער קאַמערדינער איילט אַריין אין קראַנקן צימער,
אויף די שפּיצן פינגער גייט ער צו צום מלך,
שרייט אים עפּעס וואָס אַריין אין אויער...
וואָס ער זאָל דעם מלך נישט אַריינשרייען
גייט עס סיי ווי סיי פאַרביי זיין אויער, —
ווייל דער מלך האַלט נאָך אַלץ אין דרעמלען
זיינע נאַכטיקע אָן סופיקע חלומות...

טוט אַ מאַך דער קאַמערדינער מיטן האַנט,
נעמט אַרומווישן דעם שטויב פונם קראַנקן צימער,
אויסטרייסלען די טעפּיכער און פאָרהאַנגען,
איבערבייטן די קרישטאָלענע געפעסן;
ווי פאַרגעסנדיק איגנאָנצן אָן דעם מלך,
קלאַפט ער און ער שליידערט מיט די הענט
שאַרט זיך און ער קלעטערט אויף די ווענט,
צימבלט אויף די טירן, אויף די שויבן,
לאָזט זיך מיט די טופּענדיקע זוילן
טאַנצן אויפן גלאַנציקן פּאַרקעט...

שווייגנדיק, גוטברודעריש און נייגעריק
קוקט זיך צו דאָס קראַנקע צימער צו דעם טאַנץ
פון דעם קאַמערדינערס אויפגעלעבטע שיך.
טול און פּלוש פאַרמאַכן אַלע פאַלדן,
טעפּיכער פאַרדרייען זיך אין קנוילן,
און דער ריח פון קרישטאָלענע געפעסן
קרייזלט זיך און קרייזלט זיך אין גאַנצע רינגען;
די צונויפגעהאַקטע ליפּן פונם טיגער
ווערן מערער נאָך צונויפגעדריקט, צונויפגעקריצט,
און מיט אָפּגעטעמפּטע וואַסערדיקע אויגן
קוקט אַרונטער פון סופּיט די לוסטרע;
די צעשראָקענע, צעטריבענע חלומות
נעמען יאָגן זיך צוריק צו זייער נעסט,
גראָבן איין צוריק די ווייכע קעפּלעך
אין די אויסגעליידיקטע געהירן פונם מלך, —
עפּענען זיך אויף דעם מלכס ברעמען
און פאַרחתמענען צוריק זיין אויפגעדעקטן שטערן...

ג

האַלבע נאַכט. עס שלאָפט דאָס קראַנקע צימער.
און דער מלך ליגט, ווי אַלע מאָל ביינאַכט,

אויסגעצויגן אויפן זיידענעם געלעגער
מיט זיין אומבאַוועגלעכן געליימטן גוף,
קוקט מיט אויפגעשפּיצטע שוואַרצאַפּלען און שלאָפט נישט.

דאַרפן האָב איך לאַנג באַדאַרפט שוין שלאָפן, —
טראַכט דער מלך;
דאַרפן האָב איך לאַנג באַדאַרפט שוין שלאָפן, —
וויל אַרויסרעדן דער מלך; —
נאָר די צונג האָט זיך צונויפגעגאָסן מיטן גומען,
און די ציינער האָבן זיך אַזוי ווי אויסגעוואָרצלט
און צעשאָטן זיך ווער ווייסט וואו אין דער פינסטערניש...
— קאַמערדינער! — וויל אַרויסשרייען דער מלך,
און דער קאַמערדינער קומט נישט, ווייל ער ווייסט נישט
וואָס דער מלך וויל אַרויסשרייען...
הייבט אָן רירן מיטן קאָפּ דער מלך,
וויל זיין פּנים איינגראָבן אין קישן;
נאָר דער האַלז האָט אָנגעצויגן אַלע אָדערן
און נישט אָפּגעלאָזט דעם קאָפּ זיך אָפּצודרייען...
פּלוצלינג טוט אַ בלאָז אַ ווינט פון ערגעץ,
און דער ווינט דערמאָנט עפּעס דעם מלך. —
(...רייד, צי פּאַרבן. אפשר פּנימער פון מענטשן.
אפשר פּייערדיקע פערד־קאָפּיטעס אויפן ברוק...
אפשר אויפגעוועקטע שאַלנדיקע גלאָקן...
אפשר פּאַסן ליכט פון אַלע זייטן הימל,
וואָס קרייצן זיך און פּעכטן זיך ווי שווערדן...
אפשר שטאָל־געשמידטע רעוועגדיקע פויגלען,
וואָס טאַנצן אויף די ראַנדן פון די שווערדן...?)
— קאַמערדינער! — וויל אַרויסשרייען דער מלך,
און פאַרגעסט, — דאָס מויל נאָך נישט געעפנט, —
וואָס ער וויל ביים קאַמערדינער פרעגן.
און דער קאַמערדינער קומט נישט, ווייל ער ווייס נישט

וואָס דער מלך וויל אַרויסשרייען...
טוט אַ בלאָז אַ צווייטער ווינט פון ערגעץ
און דערמאנט אָן עפּעס נאָכאַמאָל דעם מלך. —
(...געסט, צי אָנפאַלער. און אפשר קונצנמאַכער;
אפשר בעטנדיקן, קושנדיקע ליפּן;
אפשר רויכערדיקע פייערן פון פאַקעלן...
אפשר פאַלנדיקע שניי אויף פעלדער,
אפשר האָגל. אפשר אויסגעהאַקטע שניבן...
אפשר פלאַטערן פון פאָנען איבער שיפן...)
— קאַמערדינער, — וויל אַרויסשרייען דער מלך,
און דער קאַמערדינער קומט נישט, ווייל ער ווייסט נישט
וואָס דער מלך וויל אַרויסשרייען...
אַלע גלידער פונם מלכס גוף
וואָלטן וועלן זיך אַ ריס טאָן און זיך אָפּרייסן,
אויפשפּרינגען, צעלאָזן זיך אין ווילד־געדריי,
איבערקערן מיטן קאָפּ אַראָפּ דעם קראַנקן צימער,
און אַליין אין דעם פאַנאַנדערפאַל פאַנאַנדערפאַלן...

אך, ווי טיף עס וואָלטן זיך די פינגער זיינע
איינגעגראַבלט אינם פלוש און אים צעפעדימט;
אך, ווי שאַרף עס וואָלטן זיינע ציין
אַריינגעביסן זיך דעם טיגער ביזן גאָרגל,
און ווי שניידנדיק עס וואָלטן זיינע פיס
טאַנצן אויף דער פאַלנדיקער לוסטרע;
אך, ווי הילכיק זיינע לונגען וואָלטן שרייען:
— קאַ—מער—די—נער..!

...מלך, מאך צו דיינע אויגן, —
הילכט דאָס קראַנקע צימער אויפן קול;
מלך, מאַך צו דיינע אויגן,
ווייל איך בענק נאָך דיינע נאַכטיקע חלומות;

דיינע גלידער וועלן זיך פון דיר נישט אָפּרייסן,
דיינע ציינער וועלן זיך אין ערגעץ נישט אַריינבייסן;
מלך, מאַך צו דיינע אויגן, —
ווייל דער טיגער האָט שוין אויפגעעפנט זיינע...

אַ באַגאָסענער מיט קאַלטן שווייס, געהאָרכזאַם
פאַרמאַכט דער מלך זיינע ברעמען;
און די ברעמען, ווי זיי מאַכן זיך נאָר צו,
שלעפּן זיי מיט זיך אַרונטער אויך זיין שטערן.
שווייגנדיק, גוטברודעריש און נייגיריק
וואַרט דאָס קראַנקע צימער, ווי פון שטענדיק,
אויף דער רגע, ווען עס וועלן זיך דערהערן
ווייכע טריטלעך אויפן גלאַנציקן פּאַרקעט;
נאָר אומזיסט דאָס נייגיריקע וואַרטן, —
אין דער פינסטערניש, נאָך פינסטערער און לערער,
אָן קיין סימן פון אַ ווען געדאַכטן חלום
גליט אַ תהום פון אויסגעליידיקטע געהירן...

ד

זאָגט די ערשטע קראַנקע וואַנט פון צימער:
— אַז דו האָסט שוין מער פאַר אונז נישט קיין חלומות,
וועל איך איצט דיר אויסזאָגן דעם גאַנצן אמת:
מיינע ציגל האָבן זיך שוין אָפּגעקלעפּט איינס פון צווייטן,
און דאָס בלוט, וואָס צירקולירט אין זיי,
רינט ביסלעכווייז אַרויס און לייזט זיך אויף
אין די שטינקענדיקע לאַבירינטן־שפּאַלטן;
אַז איך האָב ביז איצט געשטיקט אין זיך
דעם שלעכטן ריח פון מיין קראַנקן און צעפוילטן בלוט, —
צו־וואָס נאָך ווייטער שטיקן?
אָנגעריסענע בלאָטערן מוזן פּלאַצן,
און וואָס פריער — בעסער... —
זאָל די צווייטע וואַנט דערערדן.

זאָגט די צווייטע קראַנקע וואַנט פון צימער:
– מיינע וואונדן האָב איך שוין באַצייטנס אויפגעעפנט,
איך האָב זיך שוין אָפּגעשפּאָלטן פון פונדאַמענט,
און איך קאָן אין יעדער רגע זיך פאַנאַנדערוואַרפן;
עפּעס האָבן שטורעמדיקע פויסטן זיך געקלאַפּט אָן מיר,
פויסטן, קעפּ פון י ע נ ע ר זייט;
עפּעס לאַנג־שוין־לאַנג, אַז ד אָ ר ט גייט אָן
אַזאַ מאָדנע טונקעלע מהומה,
ווער קאָן וויסן? ווער קאָן וויסן?... –
זאָל די דריטע וואַנט דערצײלן.

זאָגט די דריטע קראַנקע וואַנט פון צימער:
– איך ווייס אַלץ. איך האָב אַלץ געהערט, געזען;
איך בין דורכגעלעכערט דורך און דורך,
איך בין דורכגעשניטן אין דער לענג און אין דער ברייט, –
בין איך פול מיט אויגן און מיט אויערן.
און איך הער און זע,
ווען עס קלינגען גלאָקן און עס יאָגן רייטער,
ווען עס פייפן קוילן און עס טאַנצן שרפות,
ווען עס שאַלן האָרנס און עס בלאַנקען העק...
איצטער, אַז די גלאָקן האָבן אָפּגעקלונגען,
אַז די שרפות האָבן אויסגעברענט,
איצטער, אַז עס ליגן אויסגעצויגן אויפן ברוק
אַלע שרייענדיקע העלזער, –
זע איך נאָך און הער
נאָך אַ טונקעלערע, מאָדנערע מהומה,
די מהומה פון דער שטילקייט...
מלך, וואָס וועט אָבער זיין מיט דיר?
אַז עס קלינגען גלאָקן – קלינגען זיי נישט צוליב דיר;
אַז די גלאָקן שווייגן – שווייגן זיי נישט צוליב דיר...
לעבעדיקע האָבן נישט געוואָלט שוין מער

אויפן צונג אַרויפּבּרענגען דיין נאָמען;
טויטע וועלן דיך אודאי נישט דערמאָנען,
טויטע ליגן אין די גאַסן, — ליגן זיי . . . —
זאָל די פערטע וואַנט דערדערן.

זאָגט די פערטע קראַנקע וואַנט פון צימער:
— מלך, דו ביסט שוין פון לאַנג נישטאָ, נישטאָ.
די פּאַלאַצן און די פּאַרקן דיינע שטייען לער,
נאָר דער קאַמערדינער בלאָנקעט זיך אַרום,
בלאנקעט זיך אַרום און היט;
ליידיקע פּאַלאַצן דאַרפן נישט קיין היטער,
זאָל דער קאַמערדינער גיין אַהיים. . . —
זאָל די לוסטרע רעדן.
זאָגט די לוסטרע:
— איך וועל גאָרנישט רעדן.
איך האָב שוין צעעפּנט אַלע מיינע אויגן,
איך האָב שוין פאַרשפּינט דעם נעץ פון מיינע פיס,
איך האָב שוין אַראָפּגענידערט פון סופיט
נידעריקער, נידעריקער, נידעריקער. . . —
זאָל דער טיגער רעדן.

זאָגט דער טיגער:
— איך וועל אויך נישט רעדן;
איך האָב שוין צעשויבערט מיינע האָר,
איך האָב שוין זיך צוגעגרייט צום שפּרונג,
איך האָב שוין אַריינגעשטאָכן מיינע נעגל
דאָרט, וואו נעגל דאַרפן זיך אַריינשטעכן. . ."

— קאַ—מער—די—נער! . . . —

.. אַז דער קאַמערדינער קומט אַריין—דערזעט ער:
שטיקער גלאָז פון אויסגעהאַקטע שויבן,

טעפּיכער און פאָרהאַנגען — צעפעדימט,
אַ צעשליידערטע צעפיצלטע — די לוסטרע;
אויפן מיטן גלאַנציקן פּאַרקעט,
איינגעביסן מיט די ציין אינם טיגערס האַלז,
שליידערט זיך מיט אויפגעלעבטע הענט און פיס
אין אַ טייך פון בלוט און שוים — דער מלך.

# דער וואָלף

...און עס איז געווען אויפן דריטן פרימאָרגן,
ווען די זון איז אויפגעגאַנגען אין מזרח-זייט
איז פון דער גאַנצער שטאָט שוין נישט געבליבן קיין זכר.

און די זון האָט געשטיגן אַלץ העכער און העכער,
ביז וואַנען זי איז צוגעקומען צום מיטן הימל,
און אירע שטראַלן האָבן זיך באַגעגנט מיט דעם רבס אויגן.

און דער רב איז געלעגן אויף אַ באַרג אַש און שטיינער
מיט אַ צונויפגעפרעסטן מויל און אויסגעגלאָצטע שוואַרצאַפּלען,
און אין זיין נשמה איז געווען שטיל און פינסטער און מער גאָרנישט.

און ווען זיינע אויגן האָבן דערפילט אויף זיך די הייסע שטראַלן
האָבן זיי זיך פאַנאַנדער געשפּרייט און געקוקט און געקוקט,
ביז וואַנען זיין גוף האָט זיך אָנגעהויבן רירן און אויפקומען.

און ווען דער רב האָט זיך אויפגעשטעלט און דערזען,
אז ער איז איבערגעבליבן איינער אַליין אין אַן אויסגעהרגעטער שטאָט
אָן שולן און אָן יידן און אָן זיין ווייב און קינדער —
האָט דער רב נישט געוואוסט וואָס צו טאָן.

איז ער געשטאַנען און געטראַכט און געוואונדערט זיך,
וואָס אים האָט מען אויסגעמיטן און איבערגעלאָזט לעבן.

און ער האָט אָנגעשטרענגט די אויגן און די אויערן
צו דערזען, אפשר קריכט ווער אַרויס פון אונטער די חורבות,
און צו דערהערן אפשר אַ שאָס, וועט ער זיך לאָזן גיין אַהינצו.

נאָר אומזיסט האָט ער אָנגעשטרענגט די אויגן און די אויערן,
ווייל עס האָט זיך קיינער נישט באַוויזן פון אונטער די חורבות
און קיין שאָס האָט זיך פון ערגעץ נישט דערטראָגן.

און ער האָט אָנגעשטרענגט נאָך מער די אויגן צו דערזען
כאָטש וועמען נישט איז פון די באַזיגער: —
נאָר אויך די באַזיגער זענען נישט געווען צו באַמערקן. —
קופּעס אַש, קוימענס, טליִענדיקע פלאַמען,
שטילקייט — און מער גאָרנישט.

איז ער געשטאַנען און די זאַך איז אים געווען זייער קשה,
און ער האָט נאָך מער נישט געוואוסט וואָס צו טאָן.

האָט דער רב זיך גערירט פון אָרט און זיך אַוועקגעלאָזט
זוכן און שאַרן מיט די הענט אין די קופּעס,
צו געפינען כאָטש די אברים פון די אומגעקומענע
און ברענגען זיי צו קבר ישראל.

נאָר אומזיסט האָט ער געזוכט און געשאַרט אין די קופּעס,
ווייל קיין זכר פון קיין אבר איז נישט געווען צו געפינען,
ווייל אַלץ איז געווען אַש און קויל און מער גאָרנישט.

האָט דער רב זיך אַוועקגעזעצט אויף אַן איבערגעקערטן קוימען
און ער האָט אויסגעטאָן די שיך און געוואָלט זאָגן קנות —
ערשט ער האָט פאַרגעסן די ווערטער פון די קנות.

און אַז ער האָט דערפילט, אַז ער האָט פאַרגעסן אַלע ווערטער,
האָט אים אַ שפּאַר געטאָן אַ שטראָם פון אונטערן לעפעלע;
און אַז דער שטראָם האָט נישט געקאָנט גרייכן צו די אויגן
און געבליבן שטעקן אין זיין צונויפגעקלעמטן האַלז —
האָט דער רב נאָך מערער נישט געוואוסט וואָס צו טאָן...

אַז די נאַכט איז געקומען און האָט צוגעדעקט
די חרובֿדיקע שטאָט מיט אַ גרויסער פֿינסטערניש,
האָט דער רבֿ זיך אויפֿגעהויבן פֿונם קוימען,
אויף וועלכן ער איז נאָך געזעסן,
האָט אַ קער געטאָן דעם פּנים צו מערבֿ־זייט־צו
און מיט די זאָקן אויף די פֿיס זיך אַוועקגעלאָזט גיין
מיט דעם ברייטן שליאַך, וואָס פֿירט אין וואַלד אַריין.

דער ברייטער שליאַך איז געווען באַדעקט מיט אַלערליי חפֿצים,
מיט ביקסן און מיט היטלען און צעבראָכענע רעדער,
און די ערד איז געווען צעאַקערט און צעטראַמפּלט
פֿון קוילן און פֿון גראַנאַטן,
פֿון פֿערדישע קאָפּיטעס און חיילישע פֿיס,
און אַרום דעם שליאַך און איבער דעם שליאַך —
פֿינסטערניש און שטילקייט און מער גאָרנישט.

און אַז דער רבֿ איז אָפּגעגאַנגען עטלעכע מייל,
האָט אַ קאַלטער ווינט אָנגעהויבן בלאָזן פֿון צפֿון־זייט,
און דער רבֿ האָט דערפֿילט אַ גרויסע מידקייט אין זיין גוף
און אַ קעלט איבער אַלע זיינע ביינער.

האָט דער רבֿ זיך אַוועקגעזעצט אויף דער ערד צו אָפּרוען,
און דערנאָך זיך אויסגעצויגן אויפֿן מיטן שליאַך
מיט אָפֿענע אויגן צום הימל.
און דער הימל איז געווען הויך און טיף און אויסגעשטערנט
מיט מילי־מיליאַסן שטערן.

און ווי דער רבֿ האָט געקוקט מיט זיינע אָפֿענע אויגן
אַזוי האָבן די מילי־מיליאַסן שטערן
גענומען רייסן זיך פֿון זייערע ערטער און דרייען זיך,
און שניידן זיך און שלאָגן זיך איינע אָן די אַנדערע

און איבערגעשפּאָלטן איינע די אַנדערע,
ביז זיי זענען געוואָרן איינגעשלונגען אין דער פינסטערניש.

און אַז דער רב האָט געזען ווי זיי ווערן אויסגעלאָשן,
האָט עס אים נישט געאַרט און ער האָט ווייטער געקוקט.
און אַז איין שטערן, דער לעצטער, האָט זיך איינגעעקשנט
און נישט געוואָלט פאַרלאָשן ווערן,
האָט דער רב אויסגעשטרעקט זיין רעכטע האַנט
און געטייטלט אין דער הויך מיט אַ פינגער.
אַזוי לאַנג געטייטלט מיטן פינגער, ביז דער שטערן
איז געוואָרן גרין און געל און רויט,
און אַלץ נישט געוואָלט פאַרלאָשן ווערן.

האָט דער רב אַרונטערגעלאָזט זיין רעכטע האַנט
און אַרויפגעלייגט זי אויף זיינע ביידע אויגן,
ווייל עס האָט אים נישט געאַרט מער פאַרן לעצטן שטערן.
און די האַנט איז געלעגן אויף זיינע אויגן,
ביז זי איז אַרונטערגעפאַלן אַליין צו דער ערד צו,
ווייל זיינע ברעמען האָבן אָנגעהויבן איינצודרעמלען.

און ווי נאָר ער האָט אָנגעהויבן איינצודרעמלען
האָט ער זיך געכאַפּט, אַז ער האָט נאָך נישט געדאַוונט
קיין מנחה און קיין מעריב און נישט געלייענט קיין קריאת־שמע:
און ער האָט זיך אויפגעזעצט און געוואָלט נעמען דאַוונען —
ערשט ער האָט דעם נוסח פון דאַוונען פאַרגעסן.

און אַז ער האָט דערזען, אַז ער האָט אויך דאָס דאַוונען פאַרגעסן,
האָט אים אַ שפּאַר געטאָן אַ צווייטער שטראָם פון אונטערן לעפעלע,
און אַז דער שטראָם האָט ווידער נישט געקאָנט גרייכן צו זיינע אויגן
און געבליבן שטעקן אין מיטן פון זיין האַלז —
האָט שוין דער רב מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן.

און ער איז אויפגעשפּרונגען און גענומען לויפן
אַלץ ווייטער און ווייטער מיטן ברייטן שליאַך.

די פּאָלעס פון זיין רבנישן בגד
האָבן זיך צעפלאַטערט ווי צוויי שוואַרצע פליגלען,
און דער ווינט האָט געריסן דאָס שטריימל פון זיין קאָפּ,
און דער זאַמד האָט אַרונטערגעשלעפּט די זאָקן פון זיינע פיס.
און אַזוי מיט אַ נאַקעטן קאָפּ און באָרוועסע פיס
האָט ער זיך אָפּגעשלאָגן פלוצלינג אָן דער שוואַרצקייט
פון דעם גרויסן פּערציק-מייליקן וואַלד.
און זיין מח איז פון דעם מיט אַמאָל אויפגעצונדן געוואָרן
און פאַנאַנדערגעעפנט זיך אויף צוויי טויערן,
און אַ גרויסע ליכטיקייט האָט אַ שטראָם געטאָן אויף זיינע אויגן,
און ער האָט דערזען דעם פּערציק-מייליקן וואַלד
אויף דורך און דורך פון איין עק ביז דעם צווייטן.

און אַז ער האָט דערזען דעם וואַלד אויף דורך און דורך,
האָט זיין אויג נישט געקאָנט מער אויסהאַלטן
דאָס גרויסע ליכט פון דער פּערציק-מייליקער רחבות,
און זיין אָטעם האָט געקלאַפּט די לעצטע קלעפּ,
און זיין גוף האָט זיך געצויגן צו דער ערד פון בענקעניש,
און דאָס ערשטע מאָל פאַרן גאַנצן טאָג
האָט זיך אַרויסגעריסן פון זיין איינגעשטיקטן האַלז
אַ הייזעריקער כריפּ, אַ זכר פון אַ קלאַנג,
און נאָך איין רגע — האָט זיך אים געדאַכט, —
וועט אָנקומען דאָס אמתע געשריי...

און ער איז צוגעפאַלן מיטן שטערן צו אַ בוים,
און געשטויסן און געריסן פון זיין אינגעווייד
און געקלאַפּט מיט ביידע הענט אין זיין נאַקעטער ברוסט,
די נישט אַרויסגעקומענע געשרייען פון זיין בענקעניש.

און ער האָט געוואָלט זיך לאָזן לויפן ווייטער אין וואַלד אַריין,
און ווי נאָר ער האָט איבערגעטראָטן די גרענעץ,
אַזוי האָט ער דערפילט ווי זיינע פיס ווערן אַריינגעכאַפּט
און אַריינגעפּלאָנטערט אין געדיכטע שטעכיקע דראָטן.

און ער האָט נאָך נישט צייט געהאַט אַרויסנעמען די פיס —
ווי די נעצן האָבן אַריינגעכאַפּט זיין גאַנצן גוף,
און אַנידערגעשליידערט אים אויף אַלע פיר,
און געצויגן אים און געשלעפּט אים און געקייקלט אים
אַרויף און אַראָפּ איבער גריבער און אויסגעקערטע וואָרצלען,
און געריסן שטיקערווייז פון זיינע בגדים,
און נאָכדעם — אַז די בגדים זענען שוין געווען אַראָפּגעריסן —
שטיקער הויט פון זיין נאַקעטן לייב.

און אַז דער רבי האָט דערזען, אַז ער איז מוטער־נאַקעט,
האָט זיך אַ מאָדנער שמייכל צעגאָסן איבער זיין פנים,
און איבער זיינע ציין איז דורכגעלאָפן אַ שאַרפקייט,
און איבער זיין צונג אַזאַ געזאַלצענע שפייעכץ,
און די אונטערשטע ליפּ האָט גענומען אַרונטערהענגען.

און אַז ער האָט גענומען אַרויסשפּייען דאָס געזאַלצנס פון זיין מויל —
האָבן דינע הערעלעך גענומען אַרויסשטעכן זיך
פון אונטער זיין באַנצער הויט, אַרויסשפּראָצן און וואַקסן,
און אויסלייגן זיך רייענווייז, רייענווייז,
אין איין אָרט גלאַט און צוזאַמענגעפּאַלן,
אין אַ צווייטן — אויפגעשטעלט און אויפגעשויבערט.

און אַז דער רבי האָט געוואָלט פאַר אימה
פאַר־דעקן די אויגן מיט די הענט —
האָט ער דערזען, ווי זיינע פינגער גיסן זיך צוזאַמען,
און קייקלען זיך אויף און פאַרשפּיצן זיך

מיט לאַנגע אויסגעבויגענע האַרטע נעגל;
און איבערן רוקן, האָט ער דערפילט, ווי עמעצער טוט אים אָן
אַ צוזאַמענגעדרייטע רייף און שמידט צוזאַמען
זיין נאַקן און אַרונטערגעפאַלענע פלייצעס.
און זיינע אויערן האָבן אָנגעהויבן זיך ציען און אַרונטערלאָזן זיך,
און די צונג אין זיין מויל אַרויסשלאָגן זיך פון אונטערן גומען,
און קנוילן זיך און שפּאַרן זיך פון צווישן די ציין,
און גליטשן זיך און אַרויסשטעקן אַלץ לענגער און לענגער,
און זיינע אויגן האָבן גענומען אויפלויפן
און דרייען זיך אונטער די ברעמען ווי קיילעכדיקע רעדלעך,
און צינדן זיך אין פּראַסטיקע גרינע פייערן.

און ער האָט דערזען נאָך אַמאָל דעם פערציק-מייליקן וואַלד
אויף דורך און דורך פון איין עק ביזן צווייטן,
און זיין אָטעם האָט אָנגעהויבן קלאַפּן
נייע, זודיקע, ערשט-געבוירענע קלעפּ,
און ער איז אויפגעשפּרונגען אויף אַלע פיר,
מיט אַן אויפגעשפּיצטן, אויפגעשויבערטן רוקן
און האָט זיך איינגעגעסן מיט די אויגן אין דער פינסטערניש.

און אַזוי ווי אַלע געדערים וואַלטן זיך אַ ריס טאָן פון זיין בויך,
אַזוי האָט אים אַ שפּאַר געטאָן אַ דריטער שטראָם צום האַלז
און מער שוין נישט געבליבן שטעקן אין זיין גאָרגל,
און אַ ווילד געבריל האָט זיך צעטראָגן איבערן וואַלד
אַלץ העכער און העכער און וואָיענדיקער,
און אַ פלינקער שפּרונג האָט נאָכגעפאָלגט דעם געבריל —
אַ שפּרונג אינם אויסזען פון אַ האַלבן בויגן.

און אַז דער וואַלד האָט דערהערט דעם ווילדן געבריל
און דעם פלינקן שפּרונג פון אַ חיה —
האָט אים אָפּגענומען פאַר אַ רגע זיין שטורעמדיקער אָטעם;

און אין אַ רגע שפּעטער האָט דער וואַלד
נאָך ברייטער פאַנאַנדערגעוויגט זיין שטורם,
און טיפער און טיפער געצויגן צו זיך,
און שטיקערווייז געריסן און צעשליידערט,
און אַריינגענומען צוריק אין זיך און באַהאַלטן אין זיך
דעם ווילדן ברילנדיקן וואָיען.

און עס איז געווען שטורם און פינסטערניש און מער גאָרנישט.

ב

און עס האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען אין שטאָט
אַרויסגעטריבענע יידן פון אַנדערע געגנטן,
און גענומען אָפּבויען צוריק די חרובע הייזער,
און פריער פון אַלץ — די קאַלטע שול,
ווייל פון דער קאַלטער שול זענען איבערגעבליבן האַלבע ווענט,
און ווייל די צאָל פון די נייע יידן איז געווען נאָך קליין
האָבן זיי מער ווי איין שול דערווייל נישט געדאַרפט.

און אַז די שול איז פאַרטיק געוואָרן מיט פענסטער און טירן,
האָבן זיי אַריינגעשטעלט אין ארון קודש די ספר־תורה,
די איינציקע ספר־תורה, וואָס זיי האָבן אָפּגעראַטעוועט
און געבראַכט מיט זיך פון זייערע געגנטן.

און זיי האָבן ביז שפּעט אין דער נאַכט פון מעריב אָן
פאַרבראַכט אין שול און זיך משמח געווען.
און זייער שמחה איז געווען געמישט מיט צער,
ווייל זיי האָבן נאָכנישט געהאַט קיין אייגענעם רב,
און נאָך גרעסער איז געווען זייער צער,
וואָס קיין ייד פון דעם פריערדיקן ישוב
האָט נאָך נישט באַוויזן צו אומקערן זיך אַהיים.

און עס איז געווען, אַזוי ווי זיי האָבן זיך משמח געווען —
זענען זיי אַלע געבליבן מיט אַמאָל פֿאַרציטערט,
ווייל עס האָט זיך זיי אויסגעדאַכט, אַז זיי הערן
אַ ווייטן משונהדיקן וויינען פֿון ערגעץ.

און אַז זיי זענען געוואָרן שטיל און איינגעהערט זיך -
איז זייער שרעק נאָך גרעסער געוואָרן,
ווייל זיי האָבן געהערט אויף אַן אמת, ווי פֿון ווייט, ווייט
דערטראָגט זיך און דרינגט אַריין אין דער שול
אַ לאַנגער צעצויגענער וואָיען פֿון אַ חיה.

כּון אָנהויב בייז און ברומענדיק, ווי אין אַ רגע פֿון פֿאַרצ׳יקונג,
און נאָכדעם דין און פֿאַרצווייפֿלט, ווי דאָס קלאָגעניש
פֿון אַ הונט, וואָס רייסט אויף זיין האַרץ פֿאַר דער לבנה,
און צום סוף שטילער און שטילער און כליפּענדיק,
וואָס דערמאָנט אָן דעם געוויין פֿון אַ מענטשן.

און אַז די יידן זענען אַרויסגעלאָפֿן פֿון שול
און זיך איינגעהערט אין דער האַלב־נאַכטיקער פֿינסטערניש —
האָבן זיי שוין מער גאָרנישט נישט געהערט,
אַ חוץ דאָס קלאַפּן פֿון זייערע אייגענע הערצער,
און דאָס שאָרכן פֿון די אָפּגעסמאַליעטע ביימער,
וואָס האָבן אַרויסגעשטעקט פֿון צווישן די חורבות,
און געשאָטן אין דער נאַכט זייערע לעצטע בלעטער—
ווייל עס איז שוין געווען הערבסט אויף דער ערד.

און די יידן זענען געגאַנגען שווייגנדיקע
און איילנדיקע צו זייערע הייזער.
און עס האָט זיך זיי געדאַכט, אז דער, וואָט האָט אַזוי געוואָיעט,
ליגט פֿאַרבאַהאַלטן אונטער אַ וואַנט צי אַ קוימען,
און ער איז געוואָרן מיט אַ כּיון שטיל, ווייל ער לויערט,
און באַלד וועט ער אַרויסשפּרינגען און אָנפֿאַלן. . .

און אַז די יידן האָבן דערזען, ווי אויפן הימל
איז מיט אַמאָל, ווי פון אַ קעלער, אַרויסגעקראָכן די לבנה
און האָט אויפגעדעקט די ווייטקייט, וואָס הינטער אַלע חורבות
ביז די קיילעכדיקע ווענט פון די איינגעשלאָסענע וועלדער,
וואָס האָבן אַרומגערינגלט די שטאָט פון אַלע זייטן, —
האָבן זיי גאָר פון דאָס ניי דערשפירט די נאַקעטקייט פון די גאַסן
און אַז די חורבות זענען נישט זייערע,
און אַז דאָ זענען זיי פרעמדע.

און אַז זיי זע׳ען שוין געווען אין די הייזער ביי זיך,
זענען זיי אַ לאַנגע צייט נאָך געשטאַנען אין דער פינסטערניש,
און מיט מורא אַרויסגעקוקט דורך די שייבלעך,
ווי דער ווייסער שיין פון דער לבנה ווערט ווייסער און ווייסער,
און ווי אַלע שפּאַלטן פון די חורבות ווערן אויפגעעפנט. . .

און אַזוי אין שרעק זענען זיי דערנאָך אַנטשלאָפן געוואָרן.

און די לבנה האָט אָפּגעקערט איר פּנים פון דער שטאָט
און פאַרשלאָסן צוריק אַלע שפּאַלטן פון די חורבות;
און די קוימענס און די קופּעס אַש
זענען געוואָרן צוריק קוימענס און קופּעס אַש.

און די שאָטנס, וואָס האָבן אָנגעהויבן אויפצושטיין
און שטרעקן זיך צו דער הויך מיט אויסגעשטרעקטע העלזער,
זענען אַנידערגעפאַלן צוריק צווישן די שפּאַלטן פון די חורבות,
און געבליבן ליגן ווי טויטע באַדאַרפן ליגן.

ווייל די לבנה איז שוין געווען ווייט איבערן וואַלד,
און געזיפּט זיך דורך די צווייגן און אַריינגעקוקט
אין די גרינע אויגן פון דעם וואָלף,
וואָס איז געלעגן אַן איינגעמאַטערטער פון וואָיען.

און די אויגן פונם וואָלף האָבן זיך אָפּגעשלאָגן צוריק
מיט זייער גרינקייט אין דער סאַמע האַרץ פון דער לבנה,
און אויף די צווייגן פון די ביימער זענען געבליבן הענגען
איינע אין די אַנדערע אַריינגעשטאָכענע שטראַלן,
וואָס האָבן געטריפט מיט בלוט פון ווייס און גרין...

און די לבנה האָט איבערגעלאָזן אויף די צווייגן
אירע אויפגעהאָנגענע טויטע שטראַלן,
און אַליין אַוועקגעיאָגט ווייט אַהינטערן וואַלד.
און די שטראַלן זענען געהאָנגען אַזוי לאַנג, ביז וואַנען
זיי האָבן זיך אָנגעהויבן אָפּרייסן פון זייערע תּליות,
און פאַלן איינציקווייז אויף דעם וואָלפס נאַקן,
און דורכגעשטאָכן זיך דורך זיין פעל ביז אין מאַרך אַריין,
און דערמאָנט אים אָן עפּעס אָנגענעמס און ליכטיקס...

און דער וואָלף האָט פאַרזשמורעט די אויגן און זיך אויפגעדרייט,
ווי אַ בייגל, מיטן קאָפּ צו די הינטערשטע פיס צו,
און אַ צוגעטוליעטער צו דער אייגענער פעל, געשמייכלט אין זיך אַר[illegible]ן,

און דער וואַלד איז געווען געדיכט און צונויפגעגאָסן,
און נאָר די שפּיצן פון די ביימער האָבן זיך געכוואַליעט פון אויבן,
און נאָך שוואַרצער פאַרדעקט די אונטערשטע טיפענישן.

און מיט אַמאָל איז דער וואָלף אויפגעשפּרונגען,
מיט די אויגן געווענדט צו מערב־זייט,
ווייל דער ווינט פון מערב־זייט האָט געבראַכט צו זיינע נאָזלעכער
די זעלביקע ריחות, וואָס ער האָט געשפּירט אין אָנהויב נאַכט,
און וואָס האָבן אים אין אָנהויב נאַכט נאָר פאַרשווינדלט אין דרייעניש,
ווייל דער שטורם האָט דאַמאָלסט צעמישט אַלע ווינטן.

און דעם וואָלפס נאָזלעכער האָבן אויפגעציטערט פאַר שאַרפקייט,
און אַ פרייד האָט זיך צעהוידעט איבער זיינע וואָנצעס,

און זיינע ציין האָבן זיך אויפגעקריצט און אַריינגעביסן זיך
איינע אין די אַנדערע ביז אַרונטער די יאַסלעס, —

און די שטילקייט האָט זיך אויפגעכאַפּט, און רינג אין רינג
פֿאַנאַנדערגעקייקלט זיך פֿון איין עק וואַלד ביזן צווייטן,
ביז אַלע אָדערן פֿון די ביימער האָבן געפּלאַצט
און פֿאַנאַנדערגעטראָגן זיך אינם געדריי
פֿונם וואָלפֿס טריומפֿירנדיקן אַרויסגעשריי...

און די בלעטער, און די וואָרצלען, און דעם וואַלדס וועגן
האָבן זיך געווירבלט און געפּליקט זיך אונטער די נעגל
פֿון דעם וואָלפֿס יאָגנדיקע טריט...

ג

און עס איז געווען אין דער פֿרי, ווען די יידן
זענען אַרויסגעגאַנגען פֿון שול נאָכן דאַווענען,
און אין זייערע הערצער האָט נאָך געקלונגען דאָס שאַלן
פֿונם אַלולדיקן שופֿר, און פֿון זייערע אויגן
האָט נאָך אַרויסגעקוקט דער נאַכטיקער פּחד, —
האָבן זיי דערזען, ווי פֿון דער זייט פֿונם ברייטן שליאַך
מיט שנעלע טריט צום שול קומט אָן אַ ייד,
און זיי האָבן זיך אַלע געלאָזט אים מקבל פּנים זיין.

און אַז זיי האָבן דערזען, אַז דער פֿרעמדער איז אָנגעטאָן
אין אַ זיידענעם בגד און רבנישן שטריימל,
איז צו זייער שמחה נישט געווען קיין שיער,
און זיי האָבן אַלע אויסגעשטרעקט די הענט צו געבן שלום עליכם.

און אַז דער פֿרעמדער האָט נישט געענטפֿערט אויפֿן שלום עליכם,
און ווי ער האָט געהאַלטן אין גיין צום שול צו,
אַזוי איז ער געגאַנגען ווייטער און נישט אָפּגעשטעלט זיך אויף קיין רגע,
און קיין איינציק וואָרט נישט אַרויסגערעדט פֿון מויל, —

האָבן די יידן דערזען ערשט, אַז אויף דעם פּרעמדנס פּיס
זענען נישטאָ קיין שיך, נאָר צעריסענע זאָקן אַ פּאָר,
און דאָס שטריימל איז איינגעשמוצט און אויסגעריבן,
און דער בגד צעשניטן אין גוואַלד־ריסן,
און זיין האָריקע צעבלוטיקטע בּרוסט זעט זיך אַרויס נאַקעט,
און דער גאַנצער פּנים איז ווי אַריינגעזונקען
אין די קנוילן פון אַ משונהדיקער צעשויבערטער באָרד:
און די יידן האָבן דערפילט דאָס אבלדיקס, וואָס אינם פּרעמדן,
און זיי האָבן זיך דערמאָנט, אַז זיי אַליין
זענען אויך אבלים ווי ער,
און זיי האָבן געקוקט איינע אויף די אַנדערע און גאָרנישט גערעדט,
און מיט נייגעריקייט נאָכגעגאַנגען דעם פּרעמדן צום שולהויף,
און זיי האָבן געהאָפט, אַז ער וועט באַלד אַליין אָנהויבן רעדן,
און זיי וועלן הערן פון זיין מויל טרויעריקע, אָבער חשובע רייד.

נאָר דער פּרעמדער האָט אַלץ נישט אָפּגעקערט זיינע אויגן צו די יידן,
און אַזוי, אויף קיינעם נישט קוקנדיק, איז ער צוגעקומען צום טיר פון שול
און האָט זי אַזוי ווי אָפּגעשטויסן פון זיך און אַריינגעטראָטן אינעווייניק,
און אָנידערגעזעצט זיך אויף אַ מזרח־שטאָט לעבן סאַמע ארון קודש,
און אַלץ נישט געעפנט זיין מויל צו אַרויסרעדן אַ וואָרט.

און די יידן זענען געשטאַנען אַרום אים, און מיט יעדער רגע
געפילט אַלץ מער און מער דעם פּחד פון זיין שווייגן,
ווייל זיי האָבן ערשט איצט דערזען דעם קאָליר פון זיינע אויגן
און דערהערט דעם שווערן אָטעם פון זיין נאַקעטער בּרוסט.
און אין דעם אָנגעזיכט פון זיין שווייגן האָט די גאַנצע שול
אַנטפּלעקט פּאַר זייערע אויגן איר קאַלטע נישט־היימלעכקייט:
און ס׳איז געווען, אַזוי ווי זיי וואָלטן אַרונטערלאָזן די קעפּ
און געשעמט זיך צו קוקן אויף די נאַקעטע ווענט,
און אויף דעם פּראָסטן שראַנק, וואָס האָט געדינט פּאַר אַן ארון קודש...

און דער פרעמדער האָט מיט אַמאָל זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט:
— וואָס דאַרפט איר? גייט. ס'איז מיין מזרח־שטאָט, דעם רבס שטאָט.

און די יידן האָבן פאַרשטאַנען, אַז ער איז נישט ביים פולן זינען,
און זיי האָבן זיך איבערגעקוקט און נישט געוואוסט וואָס צו טאָן.

און דער פרעמדער האָט איבערגעכאַפּט זייער איבערקוקן זיך,
און ער האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם בגד,
און גענומען קלאַפּן מיט ביידע פויסטן אין האַרצן אַריין,
און דורך זיינע ציין האָבן זיך געריסן כאָרכלענדיקע ווערטער:
— ווער האָט אייך געהייסן די חורבות צוריק אויפבויען?
אַז ס'איז חרב, דאַרף בלייבן חרב. . .
און ווער האָט אייך געהייסן ווערן מיינע יורשים?
גייט ברענגט אַ האַק צי אַ מעסער, און טוט מיר מיין רעכט, —
טוט מיר מיין רעכט, יידן, איך בעט אייך. . .

און דער פרעמדער איז אַנידערגעפאַלן אויפן באַנק אַ פאַרשווינדלטער,
ווייל ער האָט שוין וואָכן־לאַנג נישט אַרויסגערעדט קיין מענטשלעך וואָרט,
און ער האָט אַליין נישט געוואוסט פון וואַנען די ווערטער קומען,
און עס איז געווען אַזוי ווי עפּעס וואָלט זיך אין אים אָפּגעריסן,
און אַרונטערגעפאַלן אין אַ גרוב און אויך אים מיטגעשלעפּט...

און די יידן האָבן געמיינט, אַז ער פאַלט אין חלשות,
און זיי האָבן אים אָנגעכאַפּט פאַר די הענט און געמינטערט אים;
נאָר דער פרעמדער איז באַלד געקומען צו זיך און גענומען רעדן
מיט אַ שלוכצנדיקן קול, אַזוי ווי ער וואָלט וויינען:
— איך בעט אייך, יידן, טוט מיר מיין רעכט, וואָס עס קומט מיר, —
מיר קומט אַ מיתה משונה, אַ מיתה פון פרעמדע הענט;
איך וואָלט אַליין געקאָנט איבערשניידן מיין האַלז,
און אַריינשטעכן אַ דאָרן אין ביידע אויגן,
און אָפּהאַקן די הענט און אָוועקוואַרפן פאַר הינט —

איך טאָר דאָס אָבער נישט טאָן אַליין — אַ צווייטער מוז דאָס מיר טאָן;
איך בעט אייך, ברענגט אַ האַק און טוט מיר מיין רעכט...

און אַזוי רעדנדיק איז ער צוגעפאַלן צו דער ערד,
און געקלאַמערט זיך אָן די פיס פון די יידן,
ביז וואַנען זיין געוויין האָט זיך מיטאַמאָל אָפּגעריסן,
און זיין האַלז האָט זיך גענומען ווערגן פון גאָר אַנדערע קלאַנגען.

און די יידן האָבן די אַנדערע קלאַנגען נישט געהערט,
און זיי האָבן זיך געבויגן איבער אים און געוואָלט אים אויפהויבן,
נאָר דער פרעמדער איז געלעגן אַ שווערער און אַן אַראָפּגעזונקענער,
און קיינער האָט אים נישט געקאָנט אַ ריר געבן פון אָרט...

און איינער פון די יידן האָט מיטאַמאָל אַ שפּרונג געטאָן
און גענומען לויפן איבערן שול מיט געוואַלדיקע געשרייען,
ווייל דער פרעמדער האָט זיך אַריינגעביסן אין זיין האַנט מיט אַלע ציין.

און אַז די יידן האָבן דערזען די איינגעביסענע האַנט,
האָבן זיי איינער נאָכן צווייטן גענומען אַנטלויפן פון שול,
און איבערגעלאָזט דעם אַנידערגעפאַלענעם פרעמדן איינעם אַליין...

און דער פרעמדער איז געלעגן אַ לאַנגע צייט מיטן פּנים אַראָפּ,
די פיס אויפגעדרייט און די הענט אויסגעשטרעקט פאַרויס,
און זיינע אויגן זענען געווען אָפן, און די אויערן אויפגעשפּיצט,
און זיינע אַקסלען האָבן שטיל און שטילער נאָך געצוקט,
און אויף זיינע ליפּן האָט גערוט דער שמייכל פון זיין ביס.

און נאָכדעם, אַז דער שמייכל איז פאַרלאָשן געוואָרן,
האָבן זיינע אַקסלען אויפגעהערט צו צוקן,
און זיין גוף האָט זיך איבערגעקערט מיטן פּנים אַרויף,
און אַזוי איז ער געלעגן אַן אויסגעצויגענער מיטן פּנים אַרויף
ביז שפּעט אין האַלבן טאָג אַריין...

און נאָך האַלבן טאָג, ווען די זון איז שוין געגאַנגען צום אָוונט,
און אַריינגעשיינט איר קאַלטן שיין אין די מערבדיקע שויבן,
איז דער פרעמדער אויפגעשטאַנען פון דער ערד און אַוועקגעזעצט זיך
אויף דעם זעלבן פּלאַץ, וואָס אינדערפרי, לעבן ארון קודש.
און ער איז געזעסן און געקוקט אין די מערבדיקע שויבן,
און אויף אַלע ווענט און אויף אַלע בענקלעך,
אַזוי ווי ער וואָלט זיי ערשט דערזען פאַר זיינע אויגן.

און ער איז געזעסן אַזוי אַ לאַנגע צייט, ביז וואַנען אויף זיין פּנים
האָט זיך באוויזן אַ בלייכער אָפּשיין פון געדאַנק.
און דער בלייכער אָפּשיין איז געוואָרן אַלץ קלערער און קלערער
און אַרויסגעקוקט פון זיינע אויגן ווי אַ זיכערער און פעסטער באַשלוס.
און ער האָט זיך אויפגעהויבן און גענומען אַרומשפּאַנען איבערן שול,
זיך אָנכאַפּנדיק אַלע ווילע אָן די בענק און די שטענדערס,
ווייל זיינע קני האָבן זיך געבראָכן אונטער אים
און זיין גוף האָט נישט אויפגעהערט צו ציען זיך אַראָפּ צו דער ערד;
און ער האָט אַזוי אַרומגעשפּאַנט און געזשמורעט מיט די אויגן,
און געהאַט אַ ווילדע הנאה, ווען ער פלעגט אומוואַרפן אַ שטענדער,
און דער קלאַפּ פלעגט אָפּהילכן איבער אַלע ווינקלען
און פאַנאַנדערטראָגן אַ זייל שטויב צו די מערבדיקע שטראַלן,
און די שטראַלן פלעגן ווערן מוטנע און וויגן זיך ווי טויטע שפּינוועבס.

און אַז דער קלאַפּ פונם ערשטן שטענדער איז פאַרגאַנגען,
האָט ער אַ וואָרף געטאָן אַ צווייטן און גלייך מיט אַ האַסטיקן אימפּעט
די איבעריקע, איינעם נאָכן אַנדערן, ביז וואַנען די שול
איז פול געוואָרן מיט אַ דיקן פינסטערן וואָלקן שטויב.

און זיין האַסטיקער אימפּעט איז געוואַקסן אין אים,
און ער האָט גענומען אַרומלויפן אין אַ קאַרעהאָד אַרום דער בימה.

געשפּרונגען איבער די אומגעפאַלענע בענק, געטופּעט מיט די פיס
און אומגעשליידערט מיט די הענט, און געטריבן אַלץ מער און מער
די זיילן שטויב אין ווירבלענדיקע מוטנערע קרייזן,
און דערביי האָט זיך קיין איין קלאַנג נישט אַרויסגעריסן פון זיין מויל,
ווייל די קלאַנגען זענען געשטאַנען אינעווייניק אין אים און געוואַרט אויף שפּעטער.

און אַז זיין קאָפּ האָט זיך אָנגעהויבן פאַרדרייען און אַרונטערהענגען,
און זיינע גומען — צוזאַמענציען זיך פון היץ און טרוקנקייט,
האָט ער זיך אַרונטערגעלאָזט אויף אַלע פיר און געפּויזעט
און געשאַרט זיך און געקייקלט זיך איבערן רוקן,
און געשלאָגן מיטן שטערן אָן די ווענט און אָן דיל.
און פּויזענדיק אַזוי, איז ער אַרויפגעקראָכן אויף דער בימה,
און דערנאָך אויפן טישל, וואָס אויף דער בימה.
און אויסגעצויגן זיך אויף אים מיטן גאַנצן גוף,
און דער קאָפּ איז אַרונטערגעהאַנגען אין דער לופטן צוזאַמען מיט די אַקסלען.

און זיינע אויגן האָבן זיך אָפּגעקערט אָן דער זייט
און זיי האָבן זיך אָפּגעשלאָגן אָן דעם ארון קודש, וואָס אַנטקעגן,
און א שיין פון א ווייטער ערינערונג איז דורכגעלאָפן איבער זיי;
און אַז דער שיין איז גלייך פאַרלאָשן געוואָרן צוריק,
האָבן די אויגן נאָך אַלץ נישט געקאָנט זיך אָפּווענדן פונם פּרוכת
און זיי האָבן ווי נאָדלען געשטאָכן אין דער טיף פון זיין מאַרך.

און דער פרעמדער האָט זיך אויפגעהויבן, און שווער און געצוואונגענערהייט
אַרונטערגעשאַרט זיך פונם טיש און, נאָכדעם, פון דער בימה,
און מיט אונטערגעבראָכענע קני זיך צוגעשלעפּט צו די טרעפּ פונם ארון קודש;

און עטלעכע רגעס איז ער געשטאַנען ביי די טרעפּ, און דערנאָך
אַרויפגעקראָכן אין דער הויך און צוגעפאַלן מיטן פּנים צום פּרוכת
און ער איז געשטאַנען אַ לענגערע צייט אַ פאַרגליווערטער,
און ער האָט געפילט אַ שטעכעניש אין די שלייפן, און מער גאָרנישט,
ווייל אויך אינעווייניק אין אים איז אַלץ געווען פאַרגליווערט.

און פּיסלעכווייז האָט די שטעכעניש אַרומגעכאַפּט זיין גאַנצן גוף,
און זיינע הענט האָבן אַרומגעקלאַמערט דעם ארון קודש ווי צוויי רינגען,
און זיין קאָפּ האָט זיך אָנגעהויבן גראָבן און איינדרייען זיך,
און אַריינוויקלען זיך אין די פאַלדן פונם פּרוכת;
און מיטן אויבערשטן טייל פון זיין מח, ווי אַן אָקס מיט זיינע הערנער,
האָט ער געשטויסן און געלעכערט אין די טירלעך,
ביז וואַנען די הויט פון זיין מח איז אויפגעלאָפן אין בלאָטערן,
און געפּלאַצט און פאַרגאָסן מיט בלוט זיין גאַנצן פּנים.
און אַז זיינע נאָזלעכער האָבן דערשפּירט דעם ריח פון זיין אייגן בלוט,
האָבן די קולות, וואָס זענען געלעגן באַהאַלטן אין זיין אינגעווייד,
זיך א ריס געגעבן און צוגעקייקלט זיך צו זיין גאָרגל.

און אַז ער האָט דערפילט, אַז ד אָ ס קומט, האָבן זיינע גלידער
אָנגעהויבן צו טאַנצן אין אים פאַר שמחה,
און מיטן לעצטן אימפּעט האָט ער גענומען לעכערן מיטן קאָפּ
אין די טירלעך, ביז וואַנען זיי האָבן אָנגעהויבן צו פּלאַצן,
און זיינען דורכגעלעכערט געוואָרן אויף דורך און דורך,
און אין זיינע אויגן האָט אַ בליץ געטאָן דער גלאַנץ פון די עץ חיימס,
און די אינווייניקסטע טונקלקייט, וואָס היגטער דער ספר תורה...

און ווי נאָר זיינע אויגן האָבן דערזען די אינווייניקסטע טונקלקייט,
אַזוי האָבן זיי זיך געגעבן אַ דריי אַרום זיך אַליין,
און גענומען אויפלויפן און שפּאַרן זיך פון זייערע גריבער,
אַזוי ווי זיי וואָלטן וועלן אַריינעסן זיך אין דעם סאמע האַרץ פון דער טונקלקייט

און מיט אַמאָל האָבן זיך זיינע אויגן אַ צי געטאָן צוריק,
און זיין קאָפּ האָט זיך איבערגעדרייט אויף היגטער,
און זיין האַלז האָט אַ קנאַק געטאָן, אַזוי ווי ער וואָלט זיך איבערגעבראָכן;
און זיין גאַנצער גוף האָט זיך ווי אַ שטיין אַראָפּגעקייקלט
און אַרונטערגעפאַלן פון אַלע טרעפּ צום דיל צו
און אַ שאַרפער בריל איז געבליבן שטעקן צווישן זיינע ציין...

נאָר מער ווי איין רגע איז ער גישט געלעגן אויפן דיל,
ווייל גלייך איז ער מיט אַ נייעם אימפּעט אויפגעשפּרונגען צוריק, —
און איבער אַלע ווינקלען און ווענט פון דער שול
האָבן זיך פאַנאַנדערגעקייקלט זיינע גאָרגלענדיקע קולות...

און נאָכדעם, אַז ער איז שוין געווען אַרויסגעשפּרונגען פון שול,
האָט זיך נאָך איבער אַלע אומגעוואָרפענע בענק און שטענדערס
געטראָגן דער פאַנאַנדערגעשאָטענער עכאָ פון זיין וואָיען...

ד

און ס'איז שוין געווען מנחה־צייט, ווען דער פרעמדער
איז געלאָפן פון שול צום שליאַך, וואָס פירט אין וואַלד אַריין.
און ווען די יידן זענען אריינגעקומען און דערזען דעם חורבן
און די דורכגעבראָכענע טירלעך פונם ארון קודש,
און דעם צעפליקטן פאַרבלוטיקטן פרוכת,
האָבן זיי אויסגעבראָכן אַלע אין אַ געוויין.

און אַז זיי האָבן דערזען אויף דער ערד דעם פרעמדנס בגד,
אין אים אַליין — נישט, האָבן זיי נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָ טוט זיך,
און זייער האַרץ איז פול געוואָרן מיט פאָרגעפילן פון אומגליק.
און זיי האָבן געדאַוונט מנחה און מעריב, און געגאַנגען אַהיים,
און אין דער היים מורא געהאַט צו רעדן וועגן דעם,
כדי נישט צו דערשרעקן די פרויען און די קליינע קינדער.

און צוועלף אַ זייגער ביינאַכט, ווען אַלע האָבן שוין געשלאָפן,
און אַ דראָבנער הערבסט־רעגן האָט זיך געזיפּט פון די הימלען,
און די אַרומיקע וועלדער האָבן, דורך דער חושכניש,
זיך נענטער צוגערוקט צו די אויסגעלאָשענע שטיבלעך, —
האָבן אַלע מיט אַמאָל דורכן שלאָף דערהערט אונטער די פענסטער
דאָס זעלביקע וואָיען, וואָס זיי האָבן געהערט נעכטן.

און אַז ס׳זענען אַריבער עטלעכע מינוט און דאָס וואָיען
איז געוואָרן נאָך גרעסער און שטאַרקער און נענטער,
האָבן זיי שוין פאַרשטאַנען, אַז דאָס וואָיעט אַן אמתע חיה,
און נישט אין וואַלד ערגעץ, נאָר טאַקע דאָ אין שטאָט,
און יעדער האָט געמיינט, אַז די סכנה איז אונטער זיינע פענסטער,
און געזוכט צו פאַרהענגען און פאַרקלאַפּן אַלע שויבן.
און די מאַמעס האָבן געטוליעט צו זיך די קינדער,
כדי די חיה זאָל נישט דערהערן זייערע קולות;
ווייל אַלע האָבן זיי געמיינט, אַז די חיה לויפט אַרום
פון איין גאַס אין אַ צווייטער און פון איין הויף אין אַ צווייטן.
און מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם האָבן זיי זיך צוגעהערט
צו פאַרנעמען אין דער שטילקייט דער חיהס שפרינגענדיקע טריט.

נאָר קיינער האָט נישט געהערט די שפרינגענדיקע טריט,
ווייל די חיה איז נישט אַרומגעלאָפן איבער די הויפן.
נאָר געשטאַנען אויפן מיטן מאַרק, אויף די ווענטלעך פונם ברונעם,
און מיט אַ פאַרריסענעם האַלז צו די אויסגעלאָשענע שטיבלעך
געצויגן פון די געדערים אַרויס דאָס משונהדיקע וואָיען.

און ס׳איז נישט געווען קיין אָפּרו און קיין איבעררייס אינם וואָיען.
שעה־איין, שעה־אויס, די גאַנצע צווייטע העלפט פון דער נאַכט,
האָבן זיך געקייקלט איבער דער שטאָט, דורכן רעגן און דורכן ווינט
די נישט־פאַרמאַטערטע אומגעלופערטע געשרייען.

און ס׳איז געווען אַ געמיש פון געבריל און בילעריי,
פון אויסגעצויגענעם קוויטשען און שטורעמדיקן ברומען,
און אין יעדער ענדערונג פון די קולות האָט זיך געהערט
אַ באַהאַלטענע ארויספאָדערונג, אַ רוף און, מער פון אַלץ, אַ געבעט;
און דאָס לעצטע האָט מער פון אַלץ געשראָקן די הערצער,
ווייל עס האָט דערמאָנט אָן דעם געוויין פון אַ מענטשן...

און די, וואָס האָבן געוואוינט מיט די פענסטער צום מאַרק,
האָבן געפּרוּווט אַרויסרוקן די קעפּ און איינקוקן זיך,
נאָר זיי האָבן באַלד אַריינגעכאַפּט צוריק די קעפּ,
ווייל זיי האָבן דערשפּירט אויף זיך דורך דער פינסטערניש
דעם גרינעם פייער פון צוויי וועלפישע אויגן.

און אַז דער וואָלף האָט דערזען די אַרויסגעשטרעקטע קעפּ,
האָט ער אַ ציטער געטאָן מיט זיין גאַנצן גוף.
און זיין אויסגעשטרעקטער האַלז האָט זיך נאָך מער אויסגעצויגן
און פאַרגאַנגען זיך אין אַ כאָרכלענדיקן יאָמער.

און ביז טאָג האָט אזוי אָנגעהאַלטן דער יאָמער.
און אַז דער טאָג האָט אָנגעהויבן אַרויסקריכן
אַ בלינדער און אַ דערציטערטער פון אונטער זיין באַהעלטעניש,
און דער וואָלף האָט נאָך אַלץ מיט זיין אויסגעוואָיעטן האַרצן
נישט דערוואַרט זיך, אַז אימיצער זאָל אַרויסגיין אים באַגעגענען —
איז ער מיט אַמאָל אַנטשוויגן געוואָרן און אַראָפּגעשפּרונגען פון ברונעם
און אַוועקגעלאָזט זיך פייל אויסן בויגן צווישן די חורבות.

און איידער נאָך די יידן זענען געקומען צו זיך,
ערשט פון אַלע שטאָלן אַרויס האָט זיך צעטראָגן איבער דער לופט
דאָס אַנגסטיקע רעווען פון בהמות און פערד,
און צעשראָקענער פלאַטערן פון שרייענדיקע עופות,
און מיט אַמאָל איז אַלץ געוואָרן אָפּגעהאַקט און שטיל.

און אַז די יידן זענען מיט גרויסן טאָג אַרויס פון זייערע הייזער,
האָבן זיי געפונען זייערע בהמות און פערד און עופות
אויסגעוואָרגענע מיט איבערגעביסענע העלזער. . .

ה

און עס זענען אָנגעשטאַנען אומגליקלעכע טעג פאַר דעם נייעם ישוב

און נאָך אומגליקלעכער — די נעכט,
ווייל נאַכט אין נאַכט, ווי נאָר עס פּלעגט אָפּשלאָגן צוועלף,
פּלעגט ווי פון דער ערד אַרויסוואַקסן דער וואָלף,
פֿאַרנעמען זיין פּלאַץ אויפן מיטן מאַרק
און אָנהאַלטן ביז טאָג זיין וואָיעניש.
און אַלץ, וואָס די יידן האָבן נישט געטאָן צו פֿאַריאָגן אים,
האָט מער נאָך אויפגערייצט דאָס עקשנות פונם וואָלף,
און אַלץ פּינקטלעכער זענען געוואָרן זיינע באַזוכן.

און איינמאָל האָבן די יידן פֿאַנאַנדערגעלייגט פייערן
אַרום דעם ברונען און אין אַלע ווינקלען פונם מאַרק,
און זיי האָבן אַרויסגעקוקט באַהאַלטענערהייט דורך די פענסטער,
ווייל זיי האָבן געוואוסט, אַז וועלף האָבן מורא פֿאַר פייער.

און ווי גרויס איז געווען זייער שטוינונג, ווען זיי האָבן דערזען,
אַז אָנשטאָט צו דערשרעקן זיך פֿאַר די פייערן, איז דער וואָלף
אַריינגעשפּרונגען אין די פלאַמען און מיט די לאַפּעס
געשליידערט אין אַלע זייטן שטיקער ברענענדיקע האָלץ,
און געדרייט זיך אין אַ ווירבלדיקן טאַנץ אַרום זיי
אַן איינגעהילטער אין קנוילן רויך און פונקען:
און נאָכדעם, אָנזעטיקנדיק זיך מיטן טאַנץ, אַרויפגעשפּרונגען
אויף זיין שטענדיקן פּלאַץ און אָנגעהויבן זיין וואָיען.
און די יידן האָבן מער ווי ביז אַהער אָנגעפאַנגען פֿאַרשטיין,
אַז עפּעס איז דאָ נישט גלאַט. און זייער מורא פֿאַרן וואָלף
האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ מורא פֿאַר זיך אַליין.
און דעם וואָלפס קולות האָבן זיך געוואָרצלט אין זייערע הערצער,
געגראָבן זיך אונטער זייערע נייע האָפנונגען און חלומות,
און אַרויסגעשאַלט צוריק אין שטעכיקע אייזיקע אָפּקלאַנגען...

און אַלערליי מעשיות האָבן אַנגעהויבן אַרומגיין פון מויל צו מויל,

און פאַרשפּרייט זיך איבערן גאַנצן געגנט אָרום,
און אָפּגעהאַלטן דעם וואוקס פונם נייעם ישוב.

און חדושדיקער פון אַלץ איז געווען פאַר די יידן,
וואָס נאָנט צו די הייזער איז דער וואָלף קיינמאָל נישט צוגעגאַנגען,
און אויך נישט געפּרוווט קיין איין מאָל זיך לאָזן איבער די גאַסן,
אַ חוץ אין דער ערשטער נאַכט, ווען ער האָט צעריסן די פּיס.
און זיי האָבן געזען באַשיינפּערלעך, אַז נישט צו פאַרצוקן,
און נישט צו אָנפאַלן קומט ער, נאָר צוליב עפּעס אַנדערש.

און דער חדוש איז געוואָרן נאָך גרעסער, ווען איינמאָל
האָבן אַ פּאָר יידן, די מער געוואַגטע, זיך אָנגעגורט
מיט העק און ביקסן, און אַוועקגעלאָזט זיך צום מאַרק,
און באַהאַלטנדיק זיך הינטער אַ חורבה, אויסגעשאָסן פון די ביקסן.
און דער וואָלף, אָנשטאָט אַראָפּצושפּרינגען פונם ברונען
און לאָזן זיך אַנטלויפן, אָדער אָנפאַלן אויף זיי,
איז גאָר געבליבן שטיין אויף די ווענטלעך, ווי פריער,
און מיט אַמאָל, איבערהאַקנדיק אַלע זיינע קולות,
אויסגעצויגן זיין האַלז צו דער זייט פון די לויערער און געוואַרט...

און ווי נאָר די באַהאַלטענע האָבן דערזען זיינע אויגן,
און אינם אָפּשיין פון זיי — זיין וואַרטנדיקן האַלז,
האָט זיי אָפּגענומען הענט און פיס פאַר ציטערניש,
און זיי האָבן זיך אָן אָטעם קוים אומגעקערט אַהיים.
און אַזוי טיף האָט זיך איינגעגעסן די שרעק אין זייערע הערצער,
אַז זיי האָבן טעג נאָכאַנאַנד נישט געקאָנט קומען צו זיך.

און דאַמאָלס האָבן אַלע דערפילט, אַז עפּעס טוט זיך דאָ צוליב זיי,
און זיי האָבן אויפגעהערט צו זוכן ווי אַזוי צו פאַריאָגן די חיה.
נאָר מיט ווייטאָקדיקן געדולד און געבראָכנקייט,
און מיט געהאָרכזאַמען טרויער אויפגענומען די נאַכטיקע שרעקן.

און זיי האָבן גאַנצע טעג און גאַנצע נעכט
געזאָגט תהילים, און תפלה געטאָן, און געוויינט.
און אַזוי אין תפלות און תעניתים האָבן זיי פאַרבראַכט
די גאַנצע עשרת ימי תשובה ביז יום כפור.

ו

און אין דער נאַכט פון יום כפור נאָך כל נדרי
זענען די יידן גאָר אינגאַנצן נ״שט געגאַנגען אַהיים.
און זיי זענען איבערגעבליבן אין שול אויף אַ גאַנצער נאכט,
און אַרומגערינגלטע מיט ליכט, אין ווייסע קיטלען אָנגעטאָן,
זענען זיי געשטאַנען און תפלה געטאָן צו גאָט.

און ווען עס האָט זיך דערנענטערט די צוועלפטע שעה,
זענען זייערע געוויינען געוואָרן נאָך העכער און שטאַרקער,
און זייערע הערצער האָבן געקלאַפּט פון אומגעדולדיקן וואַרטן,
ווייל יעדע מינוט האָט זיך געצויגן ווי אַן אייביקייט.
און זיי האָבן געפילט—און זיי האָבן אַליין נישט געוואוסט פאַר וואָס—
אַז אין היינטיקער נאַכט ליגט דער באַשייד פונם סוד,
און אַז מיט זיי אַליין וועט זיך אָפּטאָן עפּעס אויסערגעוויינלעכס.
און זיי האָבן זיך טיפער געוויקלט אין די טליתים,
אַזוי ווי זיי וואָלטן וועלן באהאַלטן זיך אונטער זיי.

און ווען עס האָבן גענומען שלאָגן די ערשטע קלעפּ פון צוועלף,
איז זייער געוויין פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אמתן שטורם,
אַזוי ווי זיי וואָלטן וועלן מיט זייערע קולות פאַרטרייבן,
נישט צולאָזן גאָר נאָענט צום שול דאָס אָנקומענדיקע וואָיען.
און איינגעגראָבענע אין טליתים, באַגאָסענע מיט וועקסענעם שיין,
האָבן זיי אויסגעזען אַליין ווי שטיקער אָנגעצונדענע וואַקס —
און נאָך אַ האָר וועלן זיי זיך צעשפּריצן און פאַנאַנדערשמעלצן זיך.
און מיט אַמאָל זענען אַלע אנטשוויגן געוואָרן,
און, אַרויסרוקנדיק די קעפּ פון אונטער די טליתים,

האָבן זיי זיך איינגעגעסן מיט די אויגן אין דער שטילקייט,
וואָס האָט אַרומגעכאַפּט די ווענט און סופיט פון דער שול...

און אַז ס'איז אַריבער אַ מינוט, און צוויי, און דריי — און די שטילקייט
איז נאָך אַלץ פון ערגעץ און פון קיינעם נישט איבערגעריסן געוואָרן,
האָט זיך אַ שטראָם פון שמחה צעטראָגן איבער אַלעמענס קעפ:
און זיי זענען געשטאַנען ווי אויפגעוועקטע נאָך אַ בייזן חלום,
און נישט געגלויבט נאָך אַליין זייערע אויערן...

אָבער די ווייזערס פון זייגער זענען שוין געשטאַנען ווייט, ווייט פון צוועלף. —
און דאָס וואָיעניש פון דער חיה איז נישט געקומען...

און זיי האָבן זיך אָנגענומען מיט מוט און אַרויס אויפן שול-הויף,
און זיי האָבן דערזען פון ווייטן דעם ברונעם אַ ליידיקן,
און דעם גאַנצן ישוב אָן איינגעטוליעטן אין לבנהדיקן זילבער,
האָבן זיי אויפגעהויבן די אויגן צום הימל און פאַרכשופטערהייט,
דורכגענומענע מיט ווייכן ליכטיקן צער,
געקוקט און געהערט, ווי עס פלאַטערן איבער זייערע קעפ
די שוץ-פולע פליגלען פון דעם האַר פון די וועלטן.

און אַ קינדערשער רחמנות האָט זיך צעגאָסן איבער זייער האַרץ,
אַ רחמנות צו זיך און צו זייערע ווייבער און קינדער,
און צו אַלע אויפגעבויטע פאַרשטויסענע שטיבלעך,
און צו די נאָך נישט-פאַרבויטע חורבות,
וואָס האָבן פאַרשעמטע, ווי זינדיקע, פון אונטער זייער געפאַלנקייט,
געוויינט צו דעם האַר פון די וועלטן נאָך אויפבויונג און צוריקשטעלונג.

און די הימלען זענען געוועזן טיף און פאַנאַנדערגעעפנט,
און אין די אויפגעעפנטע טיפענישן, איילנדיקע און דערציטערטע,
זענען אומגעלאָפן שטערן און געלאָשן זיך
און געצונדן זיך צוריק אויף זייערע צער-פולע וועגן;

און די פון זיי, וואָס זייער מזל איז רו און אייביקע אָפנקייט,
האָבן נאָך אָפענער און רויקער אַראָפּגעקוקט אויף דער וועלט
מיט זייערע בולטע און דורכדרינגענדיקע אויגן. . .

ז

און אויף מאָרגן איז דער תענית פֿאַר די יידן
דורכגעגאַנגען לייכט און שנעל, כמעט ווי נישט־באַמערקטערהייט.
און אַז ס׳איז געקומען נעילה־צייט, און די שאָטנס פונם אָוונט
האָבן איינגעהילט די שול אין אַ טיפער און פריידיקער טונקלקייט,
האָבן די יידן זיך דערפילט גרינג און אויסגעלייטערט,
און זייערע פנימער האָבן זיך דורכגעקוקט ווי דורך אַ שפיגל אַרויס:
און זיי האָבן מיט פרישע כּוחות געזאָגט די נעילהדיקע תפלות.

און קיינעם פון זיי האָט נישט געקאָנט גאָר איינפאַלן,
אַז אונטערן טיר פון שול שטייט דער וואָלף
און דראַפּעט זיך מיט די לאַפּעס און גרייט זיך אַריינצושפּרינגען:
ווייל קיין איינציק אויג האָט נישט געזען, ווי דער וואָלף
איז געפלויגן פון וואַלד איבערן שליאַך און איבער די געסלעך,
און אַריינגעשפּרונגען אין פאָרהויז פון שול און אַנידערגעפאַלן
מיטן גאַנצן גוף בײַ דער טיר און געלעגן און געוואַרט.

און עס איז געווען, ווען דער בעל־תוקע האָט צוגעטראָגן צו די ליפּן
דעם שופר, און אַרויסגעשאַלט די נעילותדיקע תקיעות,
האָט זיך די טיר פון שול מיט אַ בראָך פּאַנאַנדערגעפּראַלט,
און אין דעם האַרץ פון די תקיעות האָט זיך אַריינגעשניטן
אַ דינער אויסגעצויגענער געוואָי.

און איידער נאָך די יידן האָבן צייט געהאַט אַרומצוקוקן זיך,
איז שוין דער וואָלף געשטאַנען אויף די טרעפּלעך פון דער בימה,
און מיט גרויסע ברענענדיקע אויגן איינגעגעסן זיך אין דעם עולם.

און דער עולם, ווי אַ סטאַדע שאָף, האָט זיך צונויפֿגעשפּאַרט
אַרום דעם עמוד, וואו ס'איז געשטאַנען דער בעל־תּפֿלה,
און נישט געקאָנט קיין געשריי טאָן, ווייל ס'האָט אים אָפּגענומען דער לשון,
און נישט געקאָנט אַ ריר טאָן מיט קיין אבר צו אַנטלויפֿן.
און דער וואָלף איז געשטאַנען אַ שווייגנדיקער און געוואַרט.
און מיט אַמאָל האָט ער זיך אַ ריס געטאָן פֿון די טרעפּלעך,
און אַריבער אַלעמענס קעפּ אַרויפֿגעשפּרונגען אויפֿן בעל־תּפֿלה,
און מיט די פֿאָדערשטע לאַפּעס אָנגעכאַפּט אים פֿאַרן האַלז,
און אַנידערגעוואָרפֿן אים צו דער ערד און גענומען ווערגן.

און דער עולם האָט פֿון שרעק גענומען לויפֿן צו דער טיר,
און שיער נישט איבערגעלאָזט אַליין דעם בעל־תּפֿלה
אין די לאַפּעס פֿונם וואָלף אויף אַ זיכערן טויט, —
ווען איינער פֿונם עולם האָט פּלוצלינג געכאַפּט אַ שטענדער,
און מיט איין קלאַפּ פֿונם ווינקלדיקן שאַרף
אַ זעץ געטאָן דעם וואָלף איבערן קאָפּ און פֿאַנאַנדערגעשפּאָלטן זיין מח.
און דער וואָלף האָט זיך אראָפּגעקייקלט פֿון זיין קרבן,
און, אַ פֿאַרגאָסענער אין בלוט, אַנידערגעפֿאַלן צו דער ערד.

און דאַמאָלסט האָט דער גאַנצער עולם, אין געפּילדער און שטויסעניש,
געכאַפּט אַלץ, וואָס עס האָט זיך געמאַכט אונטערן האַנט,
און געשלאָגן דעם וואָלף איבערן האַלז און איבערן רוקן,
און געטראָטן מיט די פֿיס איבער זיין בויך און זיינע קני.

און פּלוצלינג האָט ווי פֿון אונטער דער ערד זיך אַרויסגעריסן אַן אוי.
און אַלעמענס הענט, ווי זיי האָבן געהאַלטן אין פֿייניקן,
זענען געבליבן אויסגעשטרעקט אין דער לופֿטן ווי אָפּגענומענע,
ווייל דאָס שטיק פֿינסטערניש האָט מיט אַמאָל זיך אָנגעהויבן צו רירן,
און איבערגעקערט זיך מיט אַן אויפֿגעעפֿנטן פּנים אַרויף.
און צוויי מענטשלעכע אויגן האָבן אַרויסגעשיינט דורך דער פֿינסטערניש
און רויק און ליכטיק אַרומגעכאַפּט אַלעמען מיט די בליקן.

און דער עולם האָט אויסגעבראָכן אין אַ גרויס געוויין,
ווייל אויף דער ערד, אַ פּאַרפייניקטער, אין אַ טייך גלות,
איז געלעגן נישט קיין וואָלף, נאָר אַ ייד אין אַ רבנישן שטריימל,
און אַלע האָבן דערקענט אין אים דעם פרעמדן אורח.

און דער פּאַרפייניקטער האָט זיך אָנגענומען מיט די לעצטע כּחות,
און אָנגעהויבן באַוועגן מיט זיינע שטאַרבנדיקע ליפּן.
און אַלע האָבן דערהערט זיינע טרייסטנדיקע ווערטער:
— „איצט איז מיר גוט, זייער גוט, — וויינט נישט, יידן״...

און ער האָט אויסגעהויכט זיין אָטעם.

# די שטאל

... אונזער קאַלטע שול האָבן זיי געמאַכט
פאַר אַ שטאַל, — אַרייַנגעשטעלט זייערע פערד...
(פון אַ היימישן בריף)

...רץ כצבי,
גבור כארי,
עז כנמר,
קל כנשר...

# די שטאָל

א

הערבסט, הערבסט.
בלעטער פאַלן פון די וועלדער
און דער ווינט צעטראָגט זיי
איבער אַלע שליאַכן, אַלע פעלדער,
מיט געזאַנג און טרוקענעם געוויין,
מיט געוויין־געזאַנג. —
וויין, וויין,
מיט דעם שטיל־געוויין פון אונטערגאַנג.

ב

הערבסט, הערבסט.
אויף דער קרייציקונג פון שליאַכן,
אין דעם מיטן האַרץ פון ווייסע וועלדער,
און אויף שליאַכן אויפן ראַנד פון ווייסע וועלדער
גייען אום,
אָדער ליגן, אָדער שלאָפן
מיינע מידע ברידער.

ג

וואָס איך זע מיט מיין פאַרשטאַנד פון דאַנען
פון דער ווייטער ווייט,
האָבן מיינע מידע ברידער שוין פאַרשטאַנען
לאַנג נאָך אין דער פריערדיקער צייט.

און דעריבער קוקן מיינע ברידערס אויגן
מיט אַן איינגעהאַלטענעם און קאַלטן קוק,

און זיי נעמען אָן באהבה — פאַלן, זיך אַנידערלייגן
וואו עס מאַכט זיך: אין דער טיף פון וואַלד, צי אויפן שטיין פון ברוק.

ד

הערבסט, הערבסט.
אין מיינע ברידערס אויגן
האָט שוין אויסגעברענט דער לעצטער פונק פון צאָרן;
נאָר איינער נאָך פון זיי, — דער יונגערער אין יאָרן,
צערטלט נאָך אין זיך דעם פלאַם פון פיבער,
פון בענקשאַפט נאָך די היימישדיקע שטיבער,
פון בענקשאַפט נאָך דערלייזונג
פון זיך און אַלע ברידער.

ה

אין טיפן וואַלד אַנטרונענע
זיצן מיינע ברידער,
קוקן אויף די ביימער די פאַרשפּונענע
מיט געוועבן פונם שטאַרבנדיקן זומער,
און שמייכלען מיט אַ שמייכלענדיקן קומער.
און דער יונגערער קוקט אויך אויף די געוועבן,
און זעט, ווי די נשמה פון זיין לעבן
צינדט זיך אין פאַרפלייצנדיקן פייער...

כאַפּט אַרום דאָס פייער אַלע ביימער
מיט טאַנצנדיקע קנאַקנדיקע צינגער;
צוקן זיינע ליפּן,
ברעכן זיך אין יינגלשדיקן ווייטאָק זיינע פינגער,
זיינע אויגן ווערן קיילעכדיקער, ברייטער,
און זיי זעען נאָכאַמאָל און ווידער
דאָס, וואָס אויף דער ערד דער חרובער און טויטער
האָבן שוין געזען, און ווילן שוין פאַרגעסן, זיינע ברידער...

ו

אַ געוויין פון אומגעדולד, דערשיטערונג,
ברעכן אויס די ייִנגלשדיקע ליפּן,
און מיט פרייגעלאָזענער פאַרביטערונג
הערט זיך ווי די ליפּן זיינע כליפּען:
— די שטאָל, די שטאָל.
איך הער אַ בת־קול פון דער שטאָל,
עס רופט דער לייב פון דער שטאָל,
דער טיגער,
דער אָדלער,
דער הירש פון דער שטאָל...
וואו באַדאַרף וואוינען אַ לייב? — אין וואַלד;
שטייט ער גאָר פאַרזיגלט אין שטאָל.
וואו באַדאַרף וואוינען אַ טיגער,
אַ אָדלער, אַ הירש? — אין וואַלד;
שטייען זיי גאָר אַלע אין שטאָל...
אין שרעק פאַר דער אייגענער פעל
אַנטלאָפן אין וואַלד זענען מיר;
דערמאָנט זיך נישט קיינער צו קומען באַטרעטן
דעם שטאָליקן שוועל,
פאַרנעמען די שאַנד פון דער איבערגעבראָכענער טיר...
מיר קלייבן נישט איבער: צי ליגן באַהאַלטן אין וואַלד,
צי וואַלגערן זיך אויף די שליאַכן אין שטויב;
מיר זענען צוזאַמען, און זיי, אין דער שטאָל, — אַליין,
דער טיגער, דער אָדלער, דער הירש און דער לייב.

ז

ענטפערן די מידע ברידער,
שמייכלען אַלץ מיט זייער שמייכלענדיקן קומער:
— דער וואַלד איז, אפשר, אונז דערווידער,
אָבער נישט דערווידער איז דער שטאַרבנדיקער זומער...

מיר זענען שוין מיט יאָרן זאַט,
און אונזער בענקשאַפט איז געשטילט ;
דער לעצטער זומערדיקער בלאַט
האָט זיך אויך שוין אין זיין שטילקייט איינגעהילט,
ווייל דער טאָג פאַרגייט,
און דער אָוונט שפרייט
זיינע דיקע, זיינע וואָלקנדיקע פליגלען.
אָוונט דאָ, און אָוונט — דאָרט,
אומעטום, אומעטום.
זאָלן שטיין אויף זייער אָרט,
ווי זיי דאַרפן — שטום —
איינגעשלאָסן, צוגעזיגלטע מיט זיגלען,
אין דער הויכקייט, איבער דעם געשטאַנק פון פערד, אין שטויב,
דער אָדלער און דער הירש, דער טיגער און דער לייב. . .

דעם בת־קול פון דער שטאָל
האָבן מיר, אָן אויסנאַם, גלייך ווי די פאַרנומען. —
אויב דער לייב וויל ברומען —
אויף וועמען זאָל ער ברומען ?
אויב דער אָדלער בענקט נאָך פליען —
צו וועמען זאָל ער פליען ?
די מילדע אויגן פונם הירש
אויף וועמען זאָלן זיי זיך — און וואוהין — פאַרקוקן ?
און די שאַרפע נעגל פונם טיגער
וועמען זאָלן זיי פאַרצוקן ?
פלי, פאַרצוק, פאַרקוק זיך, ברום —
אַז אָוונט דאָ, און דאָרט, און אומעטום...

ח

. . . אוי, וואָס רעדן
די ברידער, די עלטערע ברידער ?

אוי, וואָס האַלטן באַהאַלטן אין שיידן
די ברידער, די עלטערע ברידער?
חלפים?
דער יונגערער ברודער בלייבט זיצן אַ שטומער,
פונם שיין פון חלפים פאַרבלענדט;
און די עלטערע שמייכלען מיטן שמייכלענדן קומער,
און גלעטן דעם לויטערן שטאָל אויפן פלאַך פון די הענט.

ווייס ווי אַ האַלז,
בלוי ווי אַן אָדער,
בייט זיך דער ליכטיקער שטאָל,
קלינגט מיטן קלונג פון אַ קול,
גלאַט ווי די גלאַטקייט פון גלידער...
נישטאָ אַזאַ פרייד, ווי די פרייד
פון גלעטן חלפים;
נישטאָ אַזאַ פרייד, ווי די פרייד
פון די מידע און שמייכלענדע ברידער...

## ט

ווערטער ווי קלעפּ,
געשרייען פון צאָרן,
פאַלן, באַהאַגלען די קעפּ
פון די עלטערע ברידער.
דאָס צאָרנט דער יונגערער ברודער,
ברומט מיט געברום פון אַ לייב,
קריצט מיט די ציין פון אַ טיגער,
שטעכט מיט אַ קוק פון אַן אָדלער
און פאַרשווינדט מיט אַ שפרונג פון אַ הירש...

אויפֿן אַלטן מאַרק
מיט בלויע־רויטע, גרינע שייבלעך
ווינקענדיקע צו אַלע פֿיר זייטן פֿון דער וועלט,
שטייט די שטאָל —
אַ געביידע — הויך און רחבֿותדיק,
ווי הויך און רחבֿותדיק עס זענען אַלע הייליקע געביידעס,
און טונקעלער פֿון אַלע הייליקע געביידעס אויף דער וועלט,
ווייל די, וואָס זענען אירע אויסבויער געווען אַמאָל, אַמאָל,
געטראָגן האָבן טיף אין זייער האַרץ דעם סוד פֿון פֿעסטונגען,
און זייער סוד אַריינגעגראָבן אין די ציגל פֿון די ווענט.
שווערע טירן, שמאָלע איינגעטיפֿטע פֿענסטער,
אַ משופּעדיקער, הויך־אַרויפֿגעצויגענער סופֿיט.
אין די ווינקלען פֿון סופֿיט, אין דיקע שוואַרצע קרייזן,
שטייען איינגערינגלט און פֿאַרכּישופֿט, נישט צורירן זיך,
דער גבֿורדיקער לייב, דער בויגעוודיקער לעמפּערט,
דער פֿליגלדיקער אָדלער און דער איילנדיקער הירש,
און צווישן זיי אויף קעסטלדיקע טאָוולען,
פֿאַרכּישופֿטע און שטומע, ווי דער לייב און ווי דער לעמפּערט,
הענגט די פֿידל און דער צימבל און די האַרף —
די כּלי־זמר פֿון דעם מלך דוד...

דאָס איז — די שטאָל.

יא

טראַט.
טראַט.
טראַט.
טרומפּייטן,

קלאַרנעטן.
פערד אין געשפאַן.
פויק באַראַבאַן.
פויק.
פויק.
פויק.
ביקס אויפן אַקסל,
זון אויפן קאָפ.
פערד אין גאַלאָפ.
האָפ.
האָפ.
האָפ.
איינגעמען די וועלט.
צעשניידן די וועלט.
צעשיסן די וועלט.
קריג.
קריג.
קריג.
ווייענדיקע פאָנען.
קיילעכדיקע רעדער.
מיילער פון קאַנאָנען —
מיילער אַרויף.
קנאַל.
קנאַל.
קנאַל.

יב

טוי אויף די פעלדער,
טאָג שיינט אַרויס ;
טוי אויף די פעלדער —

טוי טריקנט אויס.
סאָלדאַטישע שטיוול,
פערדישע קאָפּיטעס
שטויבן, שטויבן, שטויבן
זאַמד פון די וועגן,
זאַמד פון די פעלדער,
הייבן, הייבן, הייבן
זאַמד פון די וועגן,
זאַמד צו די הימלען.

טירן פאַרריגלט,
אויף ריגל און קייט.
העק זענען בליציק,
פייער איז רויט.

סאָלדאַטישע שווערדן,
נאַקעטע שווערדן,
קעפּן, קעפּן, קעפּן
טאַטעס פון קינדער,
קינדער פון מאַמעס;
סאָלדאַטישע פּיקעס,
פערדישע עקן
שלעפּן, שלעפּן, שלעפּן
קעפּ אויף די שטיינער,
קעפּ צו די הימלען.

יג

או — הו — ו — ו — — —
טרייבט אַרויס די מייז פון די לעכער.
פייערן צינדט,
צינדט, צינדט.

אויף די הויפן,
אויף די שטאַלן,
אויף די דעכער, אויף די דעכער,
טרייבט אַרויס די מייז פון די לעכער.

מיידלשע לייבער.
נאַקעט. נאַקעט.
צינד- גרעסער די פלאַמען.
האָר. קנוילן האָר.
צונגען. פייער-צונגען. —
האָב מיך ליב. נעם מיך אַרום.
פעסט.
פעסטער.
מען קלינגט אין די גלאָקן,—בום, בום,
איך בין דער שטאַרקסטער.
איך בין דער גרעסטער.
אָך, דו, יידישע נבלה,
די לעצטע שטיקער פון דיין לייב אין פייער אַריין,
אין פייער אַריין...
זאָג: געליבטער מיין.
זאָג: מיין טייערער.
אונזער גאָט איז שטאַרק —
און אייערער? —
אַ צעקראָכענער הונט נאָר וואָס פון וואַסער אַרויס.
שפּיי אויס! שפּיי אויס!
אָך, דו — פאַרשאָלטענע, זאָג:
ליבסטער מיינער,
נעם מיך אַרום.
שטאַרק.
שטאַרקער...

איך וועל דיך צובינדן צום עק פון אַ פערד,
מיטן קאָפּ צו דער ערד,
מיט די פיס אַרויף...
רייסט פאַנאַנדער די גלאָקן אויף שטיקער
שיסט פאַנאַנדער די פייערן,
פליקט פאַנאַנדער די לייבער,
ברידער,
אַלע צוזאַמען אויף איין לייב,
אויף איין לייב, אויף איין ווייב.
אַלע צוזאַמען.
טאַנצט אין די טענץ פון פלאַמען...

יד

סאָלדאַטישע שטיוול,
פערדישע קאָפּ־טעס,
טופּען, טופּען, טופּען,
טרעטן אַרויס פון דער שטאַל.
אויסגערוטע, אויסגעשלאָפענע.
לאָזן זיך אין וועג אַריין.
פון שטאַל, דורך די גאַסן, צום שליאַך.
ביז וואַנען עס קומען די צווייטע חילות
פון די אַנדערע שליאַכן —
שטייט די שטאַל ליידיק,
אָפן־צעעפנט און — וואַרט...

קופּעס פון פערדישן אָפּפאַל.
דער דאַמף פונם אָפּפאַל — נאָך וואַרעם,
נאָך וואַרעם און קרייזלט זיך,
קרייזלט זיך אַרויף צו די שויבן פון מזרח.

ברעקלעך פון קאַשע.
פאַרמעט יריעות.
אונטערס.
אויבערס.
טייז.

טו

מיט די קעפּ צום מזרח־וואַנט — דעם זיגערס פערד,
אויסגעוואַשענע און אויסגעצוואָגענע,
אָנגעטאָנענע אריבערן האַלז מיט לאַנגע טאָרבעס,
שטייען זיי און קייען זייער האָבער...
און די זיגרייכע יונים שלאָפן
אויף דעם אויסשפרייט פון צעוואַקלטע מגלות,
ווייל זיי זענען מיד און דאַרפן שלאָפן...

וויגן זיך אַרויף, אַראָפּ די זעקלעך האָבער,
און די קיילעכדיקע גרויסע אויגן פון די פערד
גלאַנצן פון באַרויִקטע חלומות;
און די קיילעכדיקע גרויסע אויגן פון די פערד
ווערן צוגעמאַכט מיט איינגעוויגטע ברעמען...
אַ הויכע, רחבותדיקע שטאַל
פאַר אָפּרו און פאַר שלאָף.

ווער זאָל איבעררייסן
דעם געשמאַקן שלאָף
פון אויסגעוואַשענע און אויסגעפּוצטע פערד?

דער גבורדיקער לייב האַלט איין זיין ברום,
דער בויגעוודיקער לעמפּערט האַלט איין זיין שפּרונג,
דער פליגלדיקער אָדלער דרייט צוזאַמען זיינע פליגל,

דער איילנדיקער הירש האָט זיך צעפֿלויגן אין זיין לויף;
און די האַרפֿן פֿונעם מלך דוד שפּילן נישט,
און די צימבלען פֿונעם מלך דוד צימבלען נישט,
און די פּויקן פֿונעם מלך דוד פּויקן נישטאָ. —

אַ הויכע רחבותדיקע שטאָל
פֿאַר אַלע פֿערד, פֿון אַלע דורכמאַרשירנדיקע זיגער;
אַ הויכע, רחבותדיקע שטאָל
פֿאַר אָפּרו און פֿאַר שלאָף...

סז

ער איז אַנטלאָפֿן —
דער יונגערער ברודער.
ער איז געלאָפֿן און געלאָפֿן און דערלאָפֿן
צום בערגל אַהינטערן שטאָט.

זאָל זיין געגרויסט דער פֿאָטער, וואָס אין הימל,
וואָס האָט באַהאַלטן אַלע שטערן און לבֿנה,
און נישט אַרויסגעשיקט זיי אויפֿצושיינען אין דער נאַכט,
און באַהאַלטן פֿון אַלע לויערדיקע אויגן
די איילנדיקע טריט פֿונעם אַנטלאָפֿענעם.

מיד, אָן אָטעם, האָט זיך דער אַנטלאָפֿענער
אויסגעצויגן אויפֿן בערגל,
און מיט אויגן, אויפֿגעהויבענע צום הימל,
געבענטשט די נישט־אַרויסגעשיינטע שטערן און לבֿנה,
און בענטשנדיק האָט ער אַזוי געזאָגט:

זאָל דאָס הייסע ליכט, וואָס האָט באַדאַרפֿט
פֿון אייך אַרויסשטראַלן, כּדי אין מיר אַריינצושטראַלן,

זאָל דאָס ווייסע ליכט, וואָס האָט געמוזט
דאָס ערשטע מאָל אין אָנהייב נאַכט
נישט אויפגיין איבער מיר און נישט אַריינשטראַלן;
זאָל דאָס ווייסע ליכט זיין רו געפינען,
און זאָל פאַרגעבן זיין.

דורך דער אויסגעשפּרייטער פינסטערניש, וואָס איבער מיר,
הער איך דאָס געזאַנג-געוויין פון אייך,
זע איך אייער טרויער, וואָס איר טרויערט:
דורך דער אויסגעשפּרייטער פינסטערניש, וואָס איבער מיר,
הייב איך זיך צו אייך און קום צו אייך,
צו פאַרגעבן אייך, פאַרגעבן אייך...

יז.

פון ביידע זייטן בערגל – וואַלד און וואַלד.
פאָרויס – אַן איינגעהאַלטענער געמורמל פון אַ טייך.
און אויף יענער זייט טייך,
איבער אַלע דעכער העכער –
דער קיילעכדיקער טורעם פון דער שטאָל.

די נישט אַרויסגעשיינטע שטערן און לבנה
הייבן אָן אַרויסצושיינען.
איבער אַלע וועגן לאָזן זיי זיך בלאָנדזשען,
איבער אַלע שטיינער, זאמד און גראָזן,
שאַרן זיך די זוכנדיקע שטראַלן,
שלענגלען זיך דורך אַלע ביימער פון די וועלדער,
קלעטערן אַרויף צוריק צום קיילעכדיקן טורעם
און גליטשען זיך פון דאָרט אַראָפּ צום קאַלטן אויסשפּרייט פון דעם טייך,
שטעכן זיך אַריין

האַלב אין וואַסער, האַלב אַרויס פון וואַסער,
ווי צווייש‎אַרפיקע פאַרשאָטנטע חלפים. —
ביז זיי פאַלן צו פאַרבענקטע און פאַרלייטערטע
צו דעם אָפענעם געזיכט פון דעם אַנטלאָפענעם.

יח.

צעעפנטע ברעמען,
פול־אויגיקער שיין —
זאַפט אונז אַריין,
זאַפט אונז אַריין.

אין סודות אין מאָדנע
געהילט איז די נאַכט, —
אַלע אויגן פאַרמאַכט,
אַלע אויגן פאַרמאַכט.

מיר בלאָנדזשען, מיר זוכן,
אין טרויער און קלעם,
אַן אָפענע ברעם,
אַן אָפענע ברעם.

מיר פרעגן די שליאַכן,
די וועלדער אַרום —
רוישן זיי שטום,
רוישן זיי שטום.

מיר פרעגן די וואַסן,
דעם שטויביקן דיל —
שווייגן זיי שטיל,
שווייגן זיי שטיל.

פאַר אונז נישט פאַרשטענדלעך.
מיר ווייסן נישט ווען, —
וואָס דאָ איז געשען.
וואָס דאָ איז געשען.

צעעפנטע ברעמצן —
פול־אויגיקער שיין —
זאַפּט אונז אַריין.
זאַפּט אונז אַריין. . .

יט.

נאַכט־געבעט —
געוויין אָן רייד, —
פאַר דעם, וואָס זעט
דעם צער פון פרייד.

שטום־געבעט
אין טויט־געפאַר, —
פאַר דעם, וואָס זעט
די פרייד פון צער.

איינגעהילט
אין טויט-געפאַר
ליכט, געשטילט,
פאַרבענקטער צער.

נאַכט־געבעט —
געוויין אָן רייד,
פאַר דעם, וואָס זעט
דאָס ליכט פון פרייד.

כ

און דער ייִנגערער ברודער האָט אַזוי געזאָגט:

גנאָד, וואָס אין פרייד,
גנאָד, וואָס אין צער,
גנאָד, וואָס אין טויט.

מיין אָרעמער גוף
אין שמאַטעס געקליידט,
צו דיר הייבט זיך אויף
מיט אָרעמס צעשפּרייט. —

גנאָד, וואָס אין גבורה,
גנאָד, וואָס אין שיינקייט,
גנאָד, וואָס אין אייביקייט.

טראָגט זיך אַרויף
און טראָגט זיך אַרום
מיין אָרעמער גוף
צוריק קערט זיך אום.

גנאָד, וואָס אין פרייד,
גנאָד, וואָס אין צער,
גנאָד, וואָס אין טויט.

מיין אָרעמער גוף, —
דאָס שיין פון געזיכט,
וואָס גייט אויף דיר אויף,
איז — גנאָד, וואָס אין ליכט. —

גנאָד, וואָס אין גבורה,
גנאָד, וואָס אין שיינקייט,
גנאָד, וואָס אין ליכטיקייט...

## כא

האַלבע נאַכט. האַלבע נאַכט.
לבנהדיקעס שווייגן.
דאָס שווייגן פאַלט־צו צו דער ערד מיטן פּנים אַראָפּ,
און שטעלט זיך אויף ווידער, צוריק צו די הימלען צו שטייגן.
די ווענט פון די וועלדער זיי רוקן זיך צו,
און בייגן זיך, נייגן זיך איבער די אָפענע וועגן,
היטן מיט ציטער און אייפער די נאַכטיקע רו.
אַזוי ווי דער שטערער פון רו וואָלט אין ערגיץ דאָ נעבן געלעגן.
אַ שעה נאָך אַ שעה.
ביז וואַנען, פאַרכישופט אַליין פונם אייגענעם שווייגן,
בעמען די וועלדער אַזוי ווי אויף הינטער זיך רוקן,
און שלאָנגיקער בעמען זיך איינפלעכטן צווייגן אין צווייגן,
און פול ווערט די נאַכט מיט דער אומרו פון זייער פאַרכישופטן צוקן...

האַלבע נאַכט. האַלבע נאַכט.
לבנהדיקעס שווייגן.
דער אַנטלאָפענער ברודער האַלט די אויגן פאַרמאַכט,
און זעט, דאָך, פון אומרו דאָס שטייגן.
און הערט דאָס געבעט פון פאַרלאָזענע וועגן,
און הערט אויך דעם שפרונג פון באַהאַלטענע לויערער־פיס, —
דער אַנטלאָפענער ברודער זעט, אָבער, זיין חלום אַנטקעגן,
דעם אַנטלאָפענעם ברודער איז, אָבער, דאָס חלומען זיס...

## כב

און ער הערט דאָס געוויין פון די פיר חיות:
מדבריות
וואַרטן אויף דער שעה ווען מיר וועלן קומען,

נ בריות
גיי ן אויס פון בענקשאַפט גאָך אונזער ברומען, —
זאָלן וואַרטן אין געדולדיקער בענקשאַפט
מדבריות.

לאָמיר אויפהייבן די ברעמען,
די ברעמען אין האַלבער נאַכט;
די פערד ביים מזרח־וואַנט אונטן
האָבן שוין זייערע אויגן פאַרמאַכט.

מדבריות
שפּרייטן זיך אַריבער זייערע ברעגן,
מדבריות
גרייטן צו די וועלט פאַר אומזע־טוועגן;
זאָלן גרייטן, זאָלן שפּרייטן זיך
מדבריות.

לאָמיר אָפּטרייסלען דעם אומעט,
דעם אומעט פון האַלבער נאַכט;
די פערד ביים מזרח־וואַנט אונטן
האָבן שוין זייערע אויגן פאַרמאַכט. . .

## כג

אוי, וואָס הערט ווידער
דער ברודער, דער יינגערער ברודער,
מיט זיינע פאַרחלומטע אויערן?
אוי, וואָס זעט ווידער
דער ברודער, דער יינגערער ברודער,
מיט זיינע פאַרחלומטע אויגן?

איבער דעם קאָפּ פון די וועלדער, —
איבער די דעכער — געשפּרונג.
געשפּרונג.
געבּרום.
געפלאַטער.

אַן אויסגעבויגענער רעגנבויגן —
דאָס איז דער וועג פונם שפּרונג, —
איין שפּרונג, און נישט מער.
אַ פונאַנדערגעשאָטענער דונער אויף בּערג,
דאָס איז דער נאָכקלאַנג פונם בּרום; —
איין בּרום, און נישט מער.
אַ ווייסער און שוימיקער טייך —
דאָס איז דער וועג פונם פלי —
איין פלי און נישט מער...

כד

פליגלען מיט די לויטערע פעדערן
גלעטן אים מיט ליבשאַפט זיינע בּאַקן:

— האַרפן־געזאַנג —

לאַפּעס מיט ציטעריקע נעגל
פאַלן מיט בּענקשאַפט אַרויף אויף זיין נאַקן,

— פידל־געשפּיל —

הערנער, ווי געפלאָכטענע קרענץ,
לייגן זיך צו די פיס אים אַנידער;

— צימבּל־געקלאַנג —

הימל און ערד — איין לויב און געזאַנג,
געזאַנג, וואָס ער הערט מיט אַלע זיינע גלידער. —
האַרפן־געזאנג,
פידל־געשפיל,
צימבל־געקלאַנג. . .

כה

וואָס שאַלסטו נישט נאָכאַמאָל, לייב?
וואָס ברומסטו נישט נאָכאַמאָל, לעמבערט?
— מיר האָבן שוין אָפּגעשאַלט,
און אָפּגעברומט.

וואָס פליסטו נישט נאָכאַמאָל, אָדלער?
וואָס יאָגסטו נישט נאָכאַמאָל, הירש?
— מיר זענען שוין צוגעפלויגן
און דעריאָגט. . .

אונטער דעם שוץ פון דיין נאָענטקייט,
לעבן דיינע פיס
איז אונדז דאָס שווייגן זיס.

שווייגן זאָלן נאָר נישט שווייגן
די האַרפּען,
די פידלען,
די צימבלען.
די כלי־זמר פון אונזער מלך דוד.
העכער, העכער, העכער,
שפילן, זינגען, צימבלען
פון היינט און אייביק
די כלי־זמר פון אונזער מלך דוד. . .

## כו

מיט האָרץ פול געזאַנג
און מיט אויגן פול חלום,
האָט דער ייִנגערער ברודער פאַרלאָזן דאָס בערגל,
און געלאָפן אין וואַלד אַריין צוריק
צו די עלטערע ברידער,
צו דערציילן, וואָס זיינע אויגן האָבן געזען,
און וואָס זיינע אויערן האָבן געהערט
אויפן בערגל, אויפן בערגל...

## כז

פייערן פונאַנדערגעלייגטע פון טרוקענע דערנער,
פייערן ציען זיך צונויפגענוייז, צונויפגעוויין,
דערוואַרעמען און פאַרשלעפערן
די פרויען, וואָס קענען נישט שטאַרק זיין ווי מענער,
און קענען אין זיך נישט באַהאַלטן דאָס וויינען,
די קינדער, וואָס קענען נישט זאַט זיין מיט גראָזן
און וויינען נאָך מער פון די פרויען...

נאָר גאָט האָט געמאַכט, אַז דער שלאָף
זאָל זיין שטאַרקער פון הונגער,
און מיד זאָל מען ווערן פון וויינען
און פייער פון טרוקענע דערנער
זאָל וואַרעמען און פאַרשלעפערן...

ליגן צונויפגעקנוילטע גוף צו גוף
מאַמע און קינד,
מיט די אָפענע פנימער צום פייער,

און די טאַטעס, די עלטערע ברידער,
שטייען און וויגן זיך ווי די שאָטנס פון די ביימער,
און די אָנגעצונדענע אויגן פון די טאַטעס
עסענען זיך און פאַרמאַכן זיך פון אונטער די ברעמען,
און די טרוקענע ליפן פון די טאַטעס
ברענען אין דורשטיקע קלאַנגען...

ווער זאָל אויסלעשן די אויגן
פון די פאַרטריבענע בעלי־בתים פון דער שטאָל,
ווער זאָל איבערשלאָגן די דורשטיקע קלאַנגען?
דער שלאָף, וואָס איז שטאַרקער פון הונגער,
רייסט פאַר די האָר פון די ברעמען,
זייגט און פאַרוויכערט דעם גלאַנץ פון די שוואַרצאַפּלען,
נאָר קען נישט פאַרהאַקן די ליפן,
די ליפן, וואָס ברענען אין גלוטיקע קלאַנגען...

אָדערנווייז
לייזן זיך אויף די פאַרחלשטע אברים,
הייבן זיך אויף די פונאַנדערגעבונדענע פעדעם
פון איבער דער פלאַך פון דער ערד,
אָדערנווייז
קומען צוריק זיך צונויף די פאַרחלשטע אברים,
און אַלע פאַרחלשטע אברים הערן זיך צו,
זאַפן אין זיך און שלינגען אין זיך
דעם פלאַם פון די דורשטיקע ליפן...

כח

העכער און העכער און העכער
און נאָכדעם אַלץ נידער און נידער

פֿאַלט דער געפֿלאַקער פֿון פֿלאַמען,
פֿאַלט דאָס געזאַנג פֿון די ברידער.
קוילן און שימער פֿון קוילן —
פֿאַרצויגן מיט אַשיקן שלומער;
אַזוי ווי דער שימער פֿון קוילן
דער אָפּשיין פֿון שמייכלענדן קומער.

אין אָפּשיין פֿון שמייכלענדן קומער
דערבּרענען די דורשטיקע קלאַנגען
פֿון לאַנג שוין געהאָפֿטע, געגאַרטע,
און נאָר-וואָס אַנטפֿלעקטע, געזאַנגען...

כט

העלזער
קינדערשע העלזער;
ברעמען —
קינדערשע ברעמען.
איר שרייט שוין נישט מער נאָך נקמה
פֿון אונדז, פֿון די טאַטעס, צו נעמען.

און טענות צו אייערע טאַטעס
צו טענהן: —
ווער זיינען מיר, אייערע טאַטעס
ווער זיינען?

נאַכט-שרעק פֿון שטאַמען און נאַכט-שרעק
פֿון צווייגן;
וואָרצלען בּאַרויקטע ליגן
און שווייגן.

וייגן די סודות פון שווייגן
פאַרנעמען. —
סודות פון ליפּן, סודות
פון ברעמען.

פלאַמען־געפלאַקער, געדרייען
פון פלאַמען
אַרום און אַרום די באַרויקטע
שטאַמען...

9

קלייב אונז צונויף,
און נעם אונז צו,
און הייב אונז אַרויף
צום געצעלט פון דיין רו.

די קינדער שלאָפן,
דער טאַטע — נישט,
די קינדער שלאָפן,
דער טאַטע היט.

די קינדער — מיר,
דער טאַטע — דו,
אַ נעם אונז צו דיר
אין געצעלט פון דיין רו.

אַזוי ווי אַ קינד
פון העמד טוט זיך אויס,
אַזוי זענען מיר
פון גוף שוין אַרויס.

זיי מוחל דעם גוף,
וואָס בלוטיקט נאָך וואו,
און נעם אונז אַרוף
צום געצעלט פון דיין רו...

## לא

די עופּהלעך זענען באַהעפט שוין מיט זיך,
מיט דיר;
זיי וועלן נישט אויפשטיין שוין מער
די שלוחים די ערשטע צו דיר,
צו דיר.

וואַלד, אונזער וואַלד,
עפן זיך פונאַנדער;
ביימער, אונזערע ביימער,
פאַלט־צו צו דער ערד,
ציט זיך אויס און ליגט צוגעטוליעטע,
און וויינט מיט אונז
אונזער שטילן און לעצטן געוויין,
און לעצטן געזאַנג, —
ביז וואַנען די אויגן פון דער וועלט
וועלן דערזען די פאַרלאָשענע פייערן,
די פאַרלאָשענע פייערן, און אונז — נישט.

— וואו זענען מיר?
זאָגט:
מיר זענען אַוועקגעגאַנגען.
— וואוהין זענען מיר אַוועקגעגאַנגען?
זאָגט:

מיטן וועג פון אונזערע שלוחים.
— וואו זענען אונזערע גופים ?
זאָגט :
די גופים האָבן מיר אָװעקגענומען מיט זיך.
— וואָס איז געוועזן אונזער לעצטעס וואָרט ?
זאָגט :
דאָס לעצטע וואָרט האָבן מיר אויך אָוועקגעטראָגן מיט זיך.
וויקל זיך, —
וויקל זיך פונאַנדער איבער אונזערע קעפּ ;
וויקל זיך —
וויקל זיך צונויף צוריק איבער אונזערע קעפּ,
לעצטעס וואָרט.

מיר זענען באַהעפט שוין מיט דיר,
מיט דיר
מיר וועלן נישט אויפשטיין שוין מער
די שלוחים די לעצטע צו דיר —
צו דיר, צו דיר...

לב

און די עלטערע ברידער זענען אויפגעשטאַנען
אין דער שטילקייט פון נאַכט,
און זיי האָבן אויסגעשטרעקט זייערע העלזער
און אויך די העלזער פון זייערע ווייבער און קינדער,
און זיי האָבן געזונגען דאָס ליד פון חלפים :

און דאָס איז דאָס ליד פון חלפים.

ווער שמידט אונז ?
ווער שאַרפט אונז ?

ווער שפיגלט זיך אין אונזער צווייזייטיקייט ?
שאַרף דין,
שאַרף דין
אויפן שאַרפשטיין...

מיר זענען די פּרינצן, דער יחוס
פון אַלע כּלי-זין,
באַהאַלטן פון אַלעמענס אויגן אין שיידן פון סאַמעט,
אין שוואַרצן פאַרכּישופטן סאַמעט. —

שיינען מיר, לייכטן מיר,
רוען און חלומען,
רוען און חלומען
אין שטאָלצן, פאַרגליוועטן בליי,
בליי, ווי עס פּאַסט פאַר יחסנים
פאַר דינע,
פאַר קאַלטע,
פאַר קלוגע,
פאַר איינגעמע שטילע יחסנים.

ווער פּרוּווט אונז ?
ווער גלעט אונז ?
ווער אָטעמט אויף אונז מיט באַוואונדערונג ? —
גלעט - גלאַט,
גלעט—גלאַט
אויפן גלאַטשטיין...

פייערן-שרפות דערגענטערן זיך,
דערנענטערן זיך, דערווייטערן זיך —
פאַלן צעפלאַקערטע שטיקער פון הימלען
אויף אונזער אָן-פּגימהקן שאַרף ;

ווערן צעשניטן אויף מילי–מיליאָנען פאַרבאָרגענע דינקייטן
אויף אונזער פאַרחלומטן שאַרף. —

ביז מיר אַנטפּלעקן:
די צייט איז געקומען
פאַר אונזער געגאַרטן, געוואַרטן נצחון־געזאַנג,
געזאַנג פון חלפים,
ליוב און געזאַנג פון הלפים,
ליוב און געזאַנג פון פאַרכּישופטע בלויע חלפים...

הייזער פאַרביי,
שטאָלן און שענקען פאַרביי,
קאַזאַרמעס, טראַנשייען פאַרביי,
לענדער און ימען פאַרביי —
וועלטן פאַרביי —
אַלע, אַלע, אַלע וועלטן פאַרביי...

דאָס וואָס מיר וויינען איז אונזער געוויין,
אונזער געוויין — קיינעמס געוויין;
דאָס וואָס מיר זינגען איז קיינעמס געזאַנג,
קיינעמס געזאַנג — אונזער געזאַנג...
גייען אַרויס אונז אַנטקעגן,
גייען אַרויס זיך מיט אונז צו באַהעפטן
נאָר די, —
וועמענס אויגן עס האָבן געזען אונזער שיין אויפן גלאָטשטיין,
וועמענס בלייכע פאַרחלומטע העלזער
גאַרן און אַרן נאָך אונזער אָן־פגימהקן שאַרף;
נאָר זיי
גייען אַרויס אונז אַנטקעגן,
גייען אַרויס זיך מיט אונז צו באַהעפטן,
אַרויספאַלן, ווערן צעשניטן,

אזוי ווי די שטיקער צעפאַלענע הימלען,
אויף אונזער אָן־פגימהקן שאַרף, —
שאַרף!
ניצחון און שאַרף,
ליבע און נצחון און שאַרף;
שאַרף פון חלפים,
ניצחון און שאַרף פון חלפים,
ניצחון און שאַרף און געזאַנג פון חלפים...

ווער בענשט אונז?
ווער גייט אונז פאָרויס אין הייליקייט?
ווער פירט אונז צו רו צו אייביקער?
דאַנקט — לויבט,
לויבט — זינגט
אייביק...

לג

און אַז דער יינגערער ברודער
איז געקומען צולויפן צוריק צום פאַרבאָרגענעם וועלדל,
האָט ער געטראָפן די עלטערע ברידער און זייערע ווייבער און קינדער
ליגנדיק מיט איבערגעשניטענע העלדזער, —
און ער האָט נישט געהאַט פאַר וועמען צו דערציילן
די וואונדער וואָס זיינע אויגן האָבן געזען
און וואָס זיינע אויערן האָבן געהערט
אויפן בערגל...

פֿון דעם זעלבן מחבר:

ל י ד ע ר — ערשטער באַנד

ד ע ר ג ו ל ם — דראַמאַטישע פּאָעמע

א ו י ף ס י ב י ר ע ר ו ו ע ג ן (לידער)